Ettinger, Solomon.
Serkele, oder di yortsayt nokh a bruder : gor a nay teater-shtik in finef uftsyen.
Kiev, 1935.

BIBLIOGRAPHIC RECORD TARGET

YIVO INSTITUTE FOR JEWISH RESEARCH

Master negative Storage Number Y-2005- 1893.17

**Ettinger, Solomon, 1803-1856.**
**Serkele, oder di yortsayt nokh a bruder : gor a nay teater-shtik in finef uftsyen.**

**In:** Geklibene verk / unter der redaktsye fun M. Erik ; tekst-tsugreytung, komentarn un bibliografye fun m. Dubilet.
Kiev : Farlag fun der Ukrainisher visnshaft-akademye, 1935.

P. 193-291 : ports. ; 23 cm.

1. Ettinger, Solomon, 1803-1856.--Criticism and interpretation
2. Yiddish poetry.--lcsh 3. Yiddish drama.—lcsh
I. Erik, Max, 1898-1937. II. Dubilet, M. III. Ukraine-Kyïv.



Reduction Ratio X.10.0

# סערקעלע

אָדער

# די יאָרצײַט נאָך א ברודער

גאָר א נײַ טעאטער־שטיק אין פינעף אופציִען

Motto:
Kein Laster ist so albern, das sich nicht
Der Tugend Anstrich anzukünsteln wüsste.
Der Kaufmann von Venedig

## פארשוינען:

ר׳ מוישע דאנצקער, אַן אופגעקומענער אוישער.

סערקעלע, זײַן ווײַב.

פריידע־אלטעלע, זייער טאָכטער, זי רופט זיך אָן אַפ דײַטש פרידעריקע.

הינדע, א יעסוימע, סערקעלעס ברודערנטאָכטער.

ר׳ גאווריִעל הענדלער, א שפעקולאנט.

מארקוס רעדלעך, א סטודענט, וואָס לערנט זיך דאָקטערײַ.

ר׳ יויכענען, א שאדכן.

א פרעמדער.

א דאָקטער.

ר׳ שמעלקע טרויניקס, א ליטוואק. ער איז דער באלעבאָס פון דעם גאסט־הויז, וואָס הייסט „די מעראגלים״.

בערל, זײַן הויז־יונג

כאווע, א דינסטמויד
כאַיִם, א מעשאָרעס
} ביידע בא ר׳ מוישע דאנצקער.

יעראכמיִעל, א מעשאָרעס בא ר׳ גאווריִעל הענדלער, ער זאיִקעט זיך, אז ער רעדט.

שאמאָסים און לאמפערטעס.

די מײַסע איז אין לעמבערג

## א וואָרט פריי׳ר

סאמע גוטס נאָר גאָר אליין
קען אין דער וועלט נישט באשטיין;
וואָרן וויִאזוי קען מען וויסן, אז עס איז גוט,
אז מע ווייסט גאָר פון דעם שלעכטן ניט.
איך בין אזוי קלוג,
עס איז פאר מיר גענוג,
אז מע וועט אין דעם ביכל דרינען
כאָטש נאָר אביסעלע גוטס געפינען.
סערקעלע! גיי אין דער וועלט ארײַן,
לאָז מען דיך אביסל דערקענען.
איינער וועט זאָגן, דו ביסט גוט און פײַן,
דער אנדערער וועט דיך פארברענען.
איך בעט אָבער נאָר דאָס איינע —
עס איז א באקאָשע, אָבער גאָר א קליינע —
לאָז מען טון מיט סערקעלען, וואָס מע וויל,
נאָר קעגן מיר לאָז מען זײַן גאָר שטיל.

דער מעכאבער

# ערשטער אופצי

א שטוב בא ר׳ מוישע דאנצקער מיט דרײַ טירן: איינע אין דער רעכטער זײַט, וואָס מע גייט דורכ איר צו די איבעריקע שטובנ; איינע אין דער לינקער זײַט, וואָס מע גייט דורכ איר צו סערקעלעס שלאָפכיידער, אונ איינע אינדער־מיטנ, וואָס מע גייט דורכ איר אפ דער גאס ארויס. אינ דער שטוב שטייט אביסל מעבל, דערהײַנע: א קאנאפע מיט עטלעכע שטילעכער, א שאפע, א קאָמאָדע; אפ דער וואנט הענגט א שפיגל, אונ נאָכ איינ שפיגל א גרויסער שטייט קעגניבער דער טיר, וואָס איז אפ דער רעכטער זײַט, אפ דער ערד; אונ אינמיטנ דער שטוב שטייט א קײַלעכדיקער טיש.

## ערשטער ארײַנקום

כאַיִם אליינ, דערנאָכ כאווע

**כאַיִם** (שטייט בא דער טיר, וואָס גייט אפ דער גאס ארויס, אונ מאכט זי צו. דערנאָכ ציילט ער פונ איינ האנט אינ דער אנדערער ארײַנ געלט): איינס, צוויי, דרײַ צוואָנציקער, אָ־ווא, כלעבנ, א רייניש מינצ. דאָס הייסט אביסל א גוטער מענטש געוועזנ! אָט בא אזוי א באלעבאָס, ווי דער ר׳ גאווריעלכנ איז, איז טאקע גאָר א טײַנעג צו זײַנ,— עס איז גאָר עפעס אנדערש, ווי בא מײַנ באלעבאָס, מע דארפ נישט אמאָל די האנט אינ קאלט וואסער ארײַנצוטונ אונ מע פארדינט שוינ געלט. הע? יאָ, מאָנטיק אונ הײַנט איז ער דאָ געוועזנ, האָט ער מיר, כלעבנ, שוינ צוויי רייניש מינצ געגעבנ.— אײַ, אלטעלע איז אָסער גאָר קיינ נאר נישט, איכ זאָל זײַנ א מיידל, העט איכ אימ אויכ ליב געהאט, אונ פארוואָס דענ נישט? ער איז דאָכ טאקע א גוטער מענטש, א קלוגער מענטש, א שיינער מענטש; האלעוואַי אפ מיר כאָטש די העלפט געזאָגט, העט כאווע מיט מיר געוועזנ אנדערש געשמועסט. וואָס די טראכט זיכ, קענ איכ אָסער נישט פארשטיינ! (ער שטעלט זיכ קעגנ דעמ גרויסנ שפיגל, וואָס שטייט אפ דער ערד) כלעבנ, איכ בינ אויכ קיינ מיִעסער יונג נישט, האָב אויכ געקרײַזלטע פייעלעכ, נו, אונ אז איכ בינ יאָ שוינ אביסל געשטופלט,— אָ־ווא, באנאכט זענענ אלע אָקסנ שווארצ! (ער מאכט אלעמאָל אנ אנדערע האווײַע קעגנ דעמ שפיגל) איכ זאָל נאָר וויסנ, וואָס פאר א פאָנעמ איכ זאָל מיר מאכנ, איכ זאָל איר קענענ געפעלנ! אזוי? ניינ,— עפשער אזוי? אי פע! אזוי גייט זיכ דאָכ גאָר די גאל איבער פאר מיר. אָ־ווא! אזוי? כלעבנ, קיינ כײַעס נישט. (כאווע קומט צו גיינ דורכ דער טיר, וואָס איז אינ דער רעכטער זײַט, גאנצ שטיל, בלײַבט שטיינ אונ קוקט צו, ווי כאַיִמ מאכט האווײַעס קעגנ דעמ שפיגל. כאַיִמ דערזעט זי אינ דעמ שפיגל, ער פארדרייט זיכ נישט, נאָר שמועסט זיכ ווײַטער צו איר אינ שפיגל ארײַנ) כאווע־לעב! איכ האָב דאָכ דיכ, כלעבנ, זייער ליב, פארוואָס האָסטו מיכ נישט אזוי ליב? קוק מיכ נאָר אצינד אָנ, איכ בינ אָסער נישט מיִעס, דו ביסט נאָר אביסעלע אײַנגעשפארט



**אונ זעסטו**— (ער קלינגט אינ דער האנט מיט דעמ געלט) **געלט האָב איכ אויכ!** (כאווע לאכט זייער הויכ אונ אנטלויפט. כאַיִמ לויפט איר נאָכ אפ דעמ שפיגל ארופ אונ פאלט ארופ אונ פאלט אנידער צעברעכט דעמ שפיגל אונ צעשיט דאָס געלט).

## צווייטער ארײַנקום

סערקעלע, כאַיִם

**סערקעלע**: אוי ווי מיר! וואָס איז דאָס, וואָס איז דאָס?! איכ בינ אוועק! (זי האלט זיכ בא די זײַטנ) אוי! האָב איכ זשע יאָ קויעכ אזוי צו שרײַענ? מעשוגע זאָלסטו שוינ ווערנ, וואָס האָסטו געטונ? דעמ גוטנ שפיגל! מײַנ בייזער כאָלעמ זאָל זיכ צו דײַנ קאָפּ אָנהייבנ אונ אויסלאָזנ, דו גאנעוו! דו פּאָשע־ייִסראָעל! האָב דיר א שווארצ יאָר, אוי ווי, מײַנע קויכעס! דער יונג וועט מיר נאָכ דעמ טויט מאכנ! אז טאָג אז נאכט זאָל זיכ א יונגאטש נאָר שפיגלענ; העט ער כאָטש שיינ געוועזנ, העט מיכ שוינ אזוי נישט געארט, אָבער אזוי א פאסקודניק!... ווארט נאָר, ווארט, לאָז נאָר מײַנ מאנ אהיימ קומענ, מײַנ מוישע וועט דיר שוינ געבנ פאר ס׳דײַניקע! איכ, ווייסט איינ גאָט, האָב שוינ קיינ קויעכ נישט מיר דאָס געזונט מיט אײַכ אָפּצורײַסנ. אוי ווי, מײַנע קויכעס!

**כאַיִם** (הייבט זיכ פאמעלעכ אופ, קלויבט דאָס געלט אונ די שטיקלעכ שפיגל צונאנד אונ זאָגט אינ דער שטיל צו זיכ): נאָכ דאָס שלימאזל האָט מיר געפעלט, אז די מעיוכעסעס זאָל גראָד אָנקומענ אפ מײַנע צאָרעס. (ער קרעכצט הויכ) אוי, מײַנ קאָפּ! אוי, מײַנ קאָפּ! איכ האָב מיכ גאָר דערהארגעט!

**סערקעלע**: א מיצווע גדוילע, ווער געהארגעט פאר אלע ייִדישע קינדער,— וואָס האָסטו אָבער נאָכ פונ דעמ זינדיקנ שפיגל געוואָלט האָבנ, הע?

**כאַיִם**: אוי! דעמ שפיגל מיינט איר?— אוי, איכ האָב אימ נאָר אזוי אביסל געוואָלט איבערפוצנ, אוי! אונ פאר גרויס אײַלעניש בינ איכ אזויווי געפאלנ, אוי! איכ האָב מיכ גאָר צעהארגעט.

**סערקעלע**: ביסטו קראנק געווענ כאווענ צו רופנ, זי זאָל דיר העלפנ? וואָס האָט זי דענ צו טונ, די כצופע! האָט זי דענ מער ווי דאָס טעפל צו פארזאָרגנ? אומשטיינס געזאָגט! איינ שלימאזל גרעסער ווי דאָס אנדערע! אוי, מײַנע קויכעס! העט איכ נאָר נישט אזוי כאָרעוו געוועזנ... א גאנצע לעבע טאָג זיצט זיכ גאָר דאָס מיידעלע בא דער צאָרע, בא דעמ פוראָניעס, בא איר הינדע־לעבנ, אונ העלפט איר נאָכ אירע געניוויִשע שטיקלעכ אויספירנ— ווארט נאָר, ווארט, לאָז נאָר מײַנ מוישע אהיימ קומענ, אוי, מײַנע קויכעס!

**כאַיִם**: נו, גאָלדענע באלעבאָסטע! בייזערט אײַכ שוינ נישט, כאווע איז אָסער גאָרנישט שולדיק.

**סערקעלע** (פאלט אימ אינ די רייד ארײַנ): געשעדיקט זאָלסטו נאָר ווערנ מיט איר בעכעוורוסע,— ווער דענ איז שולדיק, איכ? אוי! ווי דערלעבט מענ שוינ נאָר אײַ׳רער אלע פּאָטער צו ווערנ, וואָלט איכ עפשער פּאָרט אמאָל געקענט קומענ צו מײַנע פרי׳ריקע קויכעס.

**כאַיִם**: נו, בייזערט אײַכ שוינ נאָר נישט, באלעבאָסטע־לעבנ! איכ וועל אײַכ שוינ פונ אצינד אָנ אלצ פאָלגנ, אפילע אינ פײַער ארײַנ, אבי בייזערט אײַכ נאָר נישט.

סערקעלע: אַ, געשעדיקט זאָלסטו ווערן, וואָס טײַטש איך זאָל נישט בייז זײַן? קען מען דאָ נישט בייז זײַן? וואָס פאַר אַ טערעץ וועל איך דאָ קענען מײַן מוישען זאָגן, העי?

כאַיִם: עָ, דער באַלעבאָס וועט זיך גאָרנישט אומקוקן, ער גייט דאָך אַנדאָס טאָג און נאַכט אַלץ אײַנגעײַנעם אַרום פֿאַרטראַכט.

סערקעלע (פֿאַרשט אים): וואָס זאָגסטו? ער גייט אַרום פֿאַרטראַכט? וואָס האָט ער צו טראַכטן, וואָס? — וואָס טראַכט ער, וואָס, העי?

כאַיִם: ווייס איך, וואָס ער טראַכט? וואָס גייט דאָס מיך אָן, איך בין דאָך נאָר אַ מעשאָרעס. — וואָס גייט מיך אָן, וואָס דער באַלעבאָס טראַכט?

סערקעלע: נו־נו, זאָלסט דיך נאָר דערוועגן נאָכצופֿאָרשן, וואָס דער באַלעבאָס טראַכט, איך זאָל נאָר ווידער עמעצן אַזוי דערווישן, ווי איך האָב אַנומלט כאַוועגן הינטער דער טיר דערווישט — ווינטש איך מיר אָסער נישט אין אײַער הויט צו שטעקן.

כאַיִם: עָ, באַלעבאָסטע־לעבן! איך וועל אײַך זאָגן, וואָס כאַווע איז אַנומלט געשטאַנען הינטער דער טיר — זי האָט דאָס מיך געמוזט זוכן.

סערקעלע: אוואַדע מוז מען ערשט מיט ליכט זוכן אַזוי אַ נאַר, ווי דו ביסט. נאָר הער נאָר צו — וואָס האָב איך דיר דאָ עפּעס געוואָלט זאָגן? — אוי, מײַנע קוי־כעס! — יאָ, זעסטו... איך האָב מיך דערמאַנט... גיי, גיב מיר נאָר אַ שפּרונג אַריבער צו רעדלעכן, און זאָג אים, איך האָב אים זייער שיין געלאָזט בעטן, ער זאָל הײַנט באַנאַכט קומען צו מיר אין שלאָפֿכיידער אַרײַן, וואָרן איך בין עפּעס כאָרעוו. איך העט געוועזן געשיקט נאָך אַן אַנדערן דאָקטער, נאָר עס דאַכט זיך מיר, אַז ער קען שוין מײַן נאַטור... אוי, מײַנע קויכעס! נאָר הערסטו, גיב אַכטונג, דאָס פּוראָ־ניעס זאָל דערפֿון נישט געוווירן ווערן, — דו ווייסט דאָך שוין, וועמען איך מיין, העי?

כאַיִם: אוי, אוי, אוי! אויב איך שטויס מיך, וועמען איר מיינט! איר מיינט דעם באַלעבאָס אוואַדע?

סערקעלע: גיי, ווער געשעדיקט! (זי זאָגט צו זיך אין דער שטיל) איטלעכער נאַר האָט זײַן סייכל באַ זיך — דאָס הייסט געוועזן אַביסל אַ גאַנעוו! (הויך צו כאַיִמען) ווייסט נישט, אַז איך מיין הינדען? דאַרף מען אים ערשט אַרויסצוטײַטשן, דעם שויטע. נו, גיי שוין, גיי, אָט קומט שוין עמעץ!

כאַיִם (נעמט מיט דעם צעבראָכענעם שפּיגל און גייט אַוועק).

## דריטער אַרײַנקום

ר׳ גאַווריִעל, סערקעלע און צום סאָף כאַווע

ר׳ גאַווריִעל: גוט מאָרגן, סערקע־לעבן! וואָס מאַכט איר גוטס? כלעבן! איר זעט הײַנט זייער גוט אויס, אָן אײַנהאָרע. נאָר וואָס איז דאָס? פֿאַרוואָס גייט איר דאָס הײַנט אָן דעם שטערנטיכל?

סערקעלע (מיט כיין): יאָ, יאָ, גוט זע איך אויס, שפּעטס נאָר, שפּעטס! פּראַוודע, איך זאָל ווידער קענען קומען צו מײַנע פֿריִערקע קויכעס, העט עפּעס אַנדערש געוועזן, אָבער אַזוי, אומשטיינס געזאָגט — ווו בין איך שוין די שיינע סערקעלע, וואָס



איך בין אַמאָל געוועזן! האָ, האָ! נישטאָ שוין די לויכנדיקע סערקעלע, וואָס אַלע פֿלעגן נאָך איר צו שטאַרבן, אוי, מײַנע קויכעס! — העי, העי, העי, איך קען מיך נאָך אַזויווי הײַנט דערמאָנען, ווי איך האָב דאָס ערשטע שלייערל אָנגעטון, און מע האָט מיך אין שול אַרײַנגעפֿירט — וואָס פֿאַר אַן איבערגעלייף איז דאָס געוועזן! יונג און אַלט האָט מיך נאָכגעקוקט — מע האָט נאָר געדאַרפֿט צו הערן, ווי די גרעסטע סראָ־רעס האָבן זיך געשמועסט: „די שיינע סערקעכן גייט, די שיינע סערקעכן גייט". — אָבער איצט, ווו זע איך שוין גוט אויס, עס זענען שוין גאָרנישט די צײַטן, וואָס זענען געוועזן באַ לײַטן.

ר׳ גאַווריִעל: עָ! וואָס פֿעלט אײַך דען נאָך הײַנט? איר זאָלט נאָר געזונט זײַן! (צו זיך אין דער שטיל) נאָך וואָס טויג עס איר?.. (הויך צו סערקעלען) פֿאַרוואָס גייט איר דאָס אָבער הײַנט אָן דעם שטערנטיכל?

סערקעלע: וואָס טײַטש, איר ווייסט נישט? הײַנט ווערן דאָך דאָס פֿיר יאָר, אַז מײַן גילדענער, אײַנציקער, שיינער ברודער איז נעבעך אונטערוועגנס געשטאָרבן. הײַנט, אומשטיינס געזאָגט, איז דאָס נעבעך מײַן דאָוויד־לעבנס יאָרצײַט.

ר׳ גאַווריִעל: נו, באַדאַרפֿט איר, אַ שלאָף מענטש, נאָך צו טרויערן? איר האָט דאָך באַ דער גילדענער פּסורע אוואַדע גענוג געוויינט, וואָס ווילט איר נאָך?

סערקעלע: גלייבט מיר, מײַן ליבער ר׳ גאַווריִעל, אַז כוצדעם, וואָס איך האָב זייער געיאָמערט, געוויינט און געקלאָגט, וואָס איך האָב געמיינט, אַז איך וועל עס שוין גאָרנישט איבערלעבן, האָט מיר די שוואַרצע, פֿינצטערע פּסורע נאָך גאָר מײַן איבעריק ביסל קויכעס אַוועקגענומען, אוי, מײַנע קויכעס! וואָרן מאַלעם עס שטאַרבט אַ ברודער, אָבער אַזוי אַ ברודער! אַזוי אַ קאָשערע נעשאָמע! אַזוי אַ ווילקענעוו־דיקער! אַזוי אַ צאַדיק! (זי ווישט זיך די אויגן און וויינט זייער).

ר׳ גאַווריִעל: אַ, סערקעלע! פֿע, שעמט אײַך. איר וויינט? וואָס האָט איר אײַך דאָ איצט גראָד דערמאַנט? אַזוי אַ קלוגע יִידענע ווי איר זענט זאָל וויינען? פֿע, שעמט אײַך, כלעבן, נו, נו, גענוג... הערט שוין אויף, איך קען נישט צוזען, אַז מע וויינט.

סערקעלע (וויינט): אוי ווײ, מײַנע קויכעס! העט ער כאָטש געוועזן אַ קאַ־דעש איבערגעלאָזט — נאָר דאָס אײנע טרייסט מיך נאָך, מײַן מוישע, זאָל לעבן, זאָגט אַלע יאָרצײַט קאַדעש נאָך אים.

ר׳ גאַווריִעל: און אויס הינדען וועט עפּעס זײַן אַ לײַט?

סערקעלע: אַט, פֿלוצלינג, אַפֿילע נישס נעבן לײַט: די צאָרע, די פּוראָניעס ווייס איך עפּעס? אומשטיינס געזאָגט, שאָדנס טון, אַקעגן רעדן — דאָס קען זי, גלייבט מיר, ער, אָלעוו האַשאָלעם, זאָל זיך מיִען פֿאַר אונדז, זאָל אַצינד אויפֿשטיין און זאָל אָנקוקן דאָס גילדענע טעכטערל, וואָס ער האָט איבערגעלאָזט, העט ער, כלעבן, נאָכאַמאָל געוועזן געשטאָרבן פֿאַר צאָרעס.

ר׳ גאַווריִעל: אַ כידעש, כלעבן! זי שײַנט עפּעס קיין שלימעזאַלניצע צו זײַן, אַ כידעש, כלעבן. מיט פֿריידע־אַלטעלען באַנאַנד, דאָס הייסט דאָך גאָר ווי אויפֿגעצויגן געוואָרן, און פֿאָרט אַזוי אַ צאָרע צו זײַן?!

סערקעלע: עָ! האָט מיר נישט פֿאַריבל, וואָס פֿאַרגלײַכט איר דאָ די צאָרע, די לײַד, צו מײַן אַלטע־לעבן? אָך איז מיר! אַ שיינער כילעק!.. מיינט איר אָבער, אַז

ווייניק געזונט האָט מיך דאָס געקאָסט? אוי! ווו זענען דען מײַנע קויכעס אהינגע־קומען? ווי געפעלט אײַך איר נייען? אָט האָט זי זיך גאָר אליין א פּאָר קעשענעס אופגענייט! — און איר העפטן, און איר שטיקן? האָט איר געזען דעם גוישקן אבע־צעדלע, וואָס זי האָט אויסגעשטיקט? און איר רעדן? און איר שרײַבן? און איר בוך לייענען, — האָט דאָס גאָר א שאַץ? פראַנצייזעריש און דײַטשעריש ווי א וואסער!

ר׳ גאוורי̣על: ווי אַלט איז זי, זי זאָל לעבן? איך מיין, עס איז שוין צײַט זיך צו סטארען אום א כאָסן?

סערקעלע: וואָס מיינט איר, ווײַל זי איז אָן אײַנהאָרע אזוי אונטערגעוואקסן? זי איז פּאָרט נישט מער אַלט — ווי — ווי דרײַצן יאָר.

ר׳ גאוורי̣על: עמעס. (צו זיך אין דער שטיל) אָן שאבאָסים און אָן יאָנטויוים.

סערקעלע: וואָרן ווי אַלט, מיינט איר, בין איך דען גאָר אינגאנצן? מע מעג זאָגן, וואָס מע וויל — איך בין פּאָרט מער נישט אַלט ווי — ווי זיבן און צוואַנ־ציק יאָר.

ר׳ גאוורי̣על: טאקע אויך עמעס. (צו זיך אין דער שטיל) שוין פֿון צען יאָר אָן אַלץ אין איין עלטער.

סערקעלע: נאָר דער ברודער האָט מיך גאָר געעלטערט, און די צאָרע, די הינדע, נעמט מיר צום איבעריקן מײַן ביסל געזונט אוועק; אוי־וויי, מײַנע קויכעס! צו דער כאסענע בין איך, פראוודע, געוועזן א גרויסע מויד, ווי א שיינע סאָסנע, און האָב געלײַכט ווי די זון אום טאמעז; עס האָט קיינער נישט געוואָלט גלייבן, אז איך זאָל ערשט דרײַצן יאָר אַלט זײַן.

ר׳ גאוורי̣על (צו זיך אין דער שטיל): איך גלייב עס נאָך נישט. (הויך צו סערקעלען) און האָט אזוי יונג כאסענע געהאט? כלעבן! די טאָכטער קער אויך צו די יאָרן כאסענע צו האָבן, וואָס די מוטער.

סערקעלע: יאָ, ווער שמועסט, עס זאָל זיך נאָר טרעפן עפּעס רעכטס.

ר׳ גאוורי̣על: ע, וואָס! גיט איר נאָר אזוי עפּעס א גוטן סויכער, ער זאָל איר קענען פּארנאָסע געבן. הײַנטיקע צײַטן קוקט מען ווייניק אף ייִכעס — אז מע טוט מיט דעם שווער, זיצט מען דערנאָך מיט דעם בער.

סערקעלע: וואָס? ייִכעס? וואָס באדארף זי דאָס נאָך מיין ייִכעס? איז זי דען שוין פֿון מײַן צאַד אליין נישט גענוג א מעיוכעסעס? מיילע דער ראָבטשיצער ראָוו — איז דאָך געווען — הע? — גאָר א נאָענטער קאָרעוו; און דער סאווראַניער מאגיד, אָלעוו האשאָלעם, איז געווען מײַן פעטערס שוואָגער א לײַבלעכער, הע! — יאָ, א — א לײַבלעכער קאָרעוו, און דעם כאם צוויס שוואָגערס זיידע און איר עלטערזיידע זענען געוועזן פֿון מוטערס צאַד... לײַבלעכע מעכוטאָנים.

ר׳ גאוורי̣על (צו זיך אין דער שטיל): שוין טויזנט מאָל האָב איך דאָס פֿון איר געהערט. (הויך צו סערקעלען) איבער דעם זאָג איך דאָס, איר זאָלט איר נאָר זען עפּעס אויסזוכן א פײַנעם יונג, עפּעס א גוטן סויכער.

כאווע (קומט דורך דער טיר, וואָס אין דער רעכטער זײַט): באַלעבאָסטע! קומט ארײַן, דער באַלעבאָס איז געקומען.



סערקעלע: גיי, גיב אים שוין דאָס זינדיקע ביסל קאווע, ער קומט דאָך דאָס נעבעך ערשט פֿונעם דאווענען. האָט נישט פאריבל, מײַן ליבער ר׳ גאוורי̣על, איך מוז ארײַנגיין צו מײַן מאַן.

ר׳ גאוורי̣על: נישקאָשע, גייט געזונטערהייט.

סערקעלע: אוי, מײַנע קויכעס! (זי גייט אוועק מיט כאווען).

## פּערטער ארײַנקום

ר׳ גאוורי̣על און דערנאָך פֿרײדע־אַלטעלע

ר׳ גאוורי̣על (אליין): געלויבט צו גאָט, אז איך בין אירער שוין פּאָטער געוואָרן — זי העט מיר דאָ נאָך צען מאָל איר ייִכעס אויסגערעכנט, וויאזוי דער פּויזנער מאגיד האָט אָנגעקערט איר געשוועסטערקינד א באָרדיטשעווער — כאזן. נאָר עס איז שוין אזוי אין דער וועלט: אז מע קריגט נאָר געלט, ווערט מען שוין טײַקעפּ שיין, קלוג, פרום, א גרויסע מעיוכעסעס און אפילע ייִנגער אויך. ווער עס האָט די סער־קע פאר א יאָר זיבן נישט געקענט, ווען זי פלעגט נאָך מיט שפּײַז און מיט מעל צו זיצן! ווער האָט זיך דאָס דעמאָלט געריכט אף סערקען דער מעל־ייִדענע! ווער האָט זיך דען דעמאָלט גאָר אומגעקוקט אף איר? אָבער איצט — זי האָט געלט, און ווער איז איר גלײַך? דאָס טעכטערל, די גרינע צאָרע, האָט פּלוצלינג פֿון העלער הויט אַלע מײַלעס געקריגן, — נאָר וואָס גייט דאָס מיך אָן, איך דארף נאָר צו זען, זי זאָל האָבן געלט. איך וועל מיך שוין פּאָרען, איך זאָל זי אין קויבער ארײַנקריגן. פֿונמײַנעטוועגן מעג זי זײַן גרינג אויך; איך האָב שוין אמאָל אף דער מאַלקע גרינג אויך א גרויסן קאָן אויסגענומען — שא! אָט איז זי דאָ! (ער מאכט זיך קעגן דעם שפּיגל די פּייעס און דעם קאָלנער צורעכט און נעמט אראָפּ דעם ספּאָדעק) א גוטן מאָרגן, מײַן שיין פרײלײ! וואָס מאכן זי גוטס?

אַלטעלע (שמועסט מיט כיין): א שעהנען גוטען מאָרגען, הער הענדלער, איך דאנקע איהנען. ווי האבען זי געשלאפען דיזע נאכט?

ר׳ גאוורי̣על: וואָס טײַטש? ווו האָב איך געזאָלט שלאָפן? אינדערהיים האָב איך געשלאָפן, איך נעכטיק טאָמיד אינדערהיים.

אַלטעלע (לאכט): הא־הא־הא, זעען זי, מײַן לעהרער האט געזאגט, דאס ווען מאַן יעמאַנדען פראגט: „ווי האבען זי געשלאפען?” זאָ מוס ער אנטוואָרטען: „גוט”; אונד ווען מאַן יעמאַנדען פראגט: „וואָ האבען זי געשלאפן?” זאָ מוס ער אנטוואָרטן: „צו הויזע”.

ר׳ גאוורי̣על: מיילע, אום וואָס גייט עס אײַך דאָ, מײַן שיין פרײלײ, צי מוז מען זאָגן „ווי”, צי מוז מען זאָגן „וואָ”? איך זאָג אײַך, אז דער לערער איז א שויטע, א נאַר; דאָס איז אַלצײַנס, צי זאָגט מען „ווי”, צי „וואָ”, צי „ווײַ” — אבי מע שלאָפט.

אַלטעלע (שטעלט צוויי שטולן צונאנד און זעצט זיך אף איינעם): איך ביטע, נעהמען זי פּלאַץ. פֿאָן ווען האבן זי דיזע נאכט געטריימט?

ר׳ גאוורי̣על (זעצט זיך נעבן איר): זעען זי, מײַן שיין פרײלײ! עס האָט זיך מיר א גאנצע נאכט געטריימט נאָר פֿון אײַך, עס האָט זיך מיר געדאכט, ווי מײַנע

בריקעס מיט סכוירע זענען שוין פון לײַפּסק אָנגעקומען, און איך האָב אינע אויס־געקליבן זייער א שיינע מאטריע אפּ א קלײדעלע.

אלטעלע: איין צײַג אויף איין קלייד? אך! איך ביטע זי, וואס פיר איינס? פילײַכט א־לא פערוואלטער שקאָט[1]?

ר׳ גאוורי̤על: יאָ, יאָ, טאקע א־לא אלטער שטאָק. כוצדעם אָבער האָב איך אינע באזונדער געבראכט א פּאָר בראנזלעטקעס, קינצלעכע. זי האָבן אָבער גאָרנישט געוואָלט צונעמען, וואָס איך האָב זי געבעטן, געבעטן און געבעטן. און איך ווייס נאָך ניט, פארוואָס זי האָבן בא מיר אזוי א קליין געשענק נישט געוואָלט צונעמען.

אלטעלע: איך האב ניכט וואָלען אנעהמען? פאָן איהנען? ניין, דאס קאן ניכט זײַן. זעהען זי, מײַן ליבער הער הענדלער, דער לעהרער זאגט אימער, דאס איין טרוים ניכט וואהר איזט, אונד ער האט גאנץ רעכט, דען פאָן איהנען מעכט איך אלעס אנעהמען.

ר׳ גאוורי̤על: פּשיטע?! (ער נעמט פון דער קעשענע ארויס די מאטריע און א פּאָר בראנזאָלעטקעס און גיט אלטעלען) איצט וועל איך זען, אויב זי זענען א וואָרטסמאן!

אלטעלע (כאפּט געשווינד צו די זאכן): אה, שעהן, איך דאנקע איהנען.

ר׳ גאוורי̤על: ניין, מײַן שיינ פריילײַ! זי באדארפן מיר גאָר פאר אזוי א קלייניקײַט נישט צו דאנקען, איך וואָלט אירעטוועגן, כלעבן, מײַן גאנץ פארמעגן אוועקגעגעבן, און ווייסן זי פארוואָס? ווײַל איך האָב זי טאקע זייער ליב.

אלטעלע (קוקט אים שטארק אין פּאָנעם ארײַן און שמייכלט מיט כיין): אונד דאס קאָמט איהנען פאָן הערץ? זעהען זי, אונד איך קאן איהנען ניקס מעהר אָפּפערן, אלס— (זי גיט אים די האנט, ער זאָל איר א קוש געבן).

ר׳ גאוורי̤על (כאפּט זי אָן בא דער האנט און גיט איר א קוש אין פּאָנעם ארײַן): מײַן גילדן אלטעניו! איך האָב אינע טאקע זייער ליב.

## פינפטער ארײַנקום

כאווע, ר׳ גאוורי̤על, אלטעלע

כאווע (זעט, ווי זיי קושן זיך און לויפן אויסאנאנד; זי זאָגט צו זיך אין דער שטיל): אָט־א־דאָס איז, כלעבן, א שיין פּאָר פלאָק! (הויך צו אלטעלען) פריידע־אלט... (זי כאפּט זיך אין רעדן צוריק) פריילײַן! גייען זי ארײַן, דער לערער איז געקומען און האָט זי געהייסן ארײַנרופן.

אלטעלע: ווער, רעדליך? דער קונדאס! זאג איהם, אז ער זאָל קאָמען מאָרגען, איך האב אויף איהם לענגער געווארט, איצט זאָל ער ווארטען.

כאווע (הייבט אָן אין שטוב אופצוראמען).

אלטעלע: נונ? ווארום געהסטו ניכט? דו מיסטפיך![2] דאס האב איך נאָך אין מײַן לעבנסטאג ניכט געזעהן! איין מענטש זאָל אזוי דום זײַן, ווי די איזט; געשע־דיקט זאָלסטו ווערן.

---

[1] פארגרײַזט „א־לא וואלטער סקאָט" — אפן נאָמען פון דעם דעמלט שטארק פּאָפּולערן ענגלישן שרײַבער וואלטער סקאָט. — רעד.

[2] בעהיימע. — רעד.



כאווע: וואָס בין איך שולדיק, אז די באלעבאָסטע שעלט מיך, פארוואָס איך רוים דאָ נישט אופּ.

אלטעלע (מיט קאס): דאס איזט איין לודער[1]! זי זעהט, עס זינד יעצט געסטע היר, שטעלט זי זיך יעצט אויפרוימען! הינדע זאָל מיט איהר עטוואס שאפּען, העט זי באלד געלאָפּען, אונד מיך, ווען איך איהר טויזענד מאהל וואס זאגען זאָל, פאָלגט זי פאָרט ניכט. (זי נעמט אָן כאוועס בא דער האנט און ווארפט זי ארויס) גיי, דו בעסטיע!

ר׳ גאוורי̤על: נו, גענוג שוין, בייזערן זי זיך שוין נישט, מײַן שיין פריילײַ! עס קענ אינעס נאָך שאָדן. זענען זי נאָך בייז?

אלטעלע: אָ, ניין, ניין, ווען זי נור וועק איזט, בין איך שאָן ניכט מעהר בעזע,—מאן מוס נור אימער זעהען די דינסטען אין דען גרעסטען רעשפּעקט צו האלטען.

ר׳ גאוורי̤על: אוי, מײַן מעשאָרעס, מײַן יעראכמי̤על, אזוי א שטומער יונג ער איז, אזויווי ער קען נישט רעדן, אָבער פאר מיר האָט ער דעם גרעסטן פּרעש־פּעקט, פאר מיר מוז ער די ניכפּע האָבן.

אלטעלע: ווען איך אמאהל פּאָר מיר זײַן ווערדע, זאָ ווערדע איך נור קריסט־ליכע דינסטען האלטען, די וויסען זיך שעהן צו בענעהמען — ניכט וואהר?

ר׳ גאוורי̤על: ווען וועט דאָס אָבער שוין אמאָל זײַן, ווען? איך האָב, פּראוודע, נעכטן ווידער געשמועסט מיט ר׳ יויכענען שאדכן, און ער האָט מיר צוגעזאָגט, אז ער וועט הײַנט רעדן מיט דער מאמען און מיט דעם טאטן. גלייבן זי מיר, מײַן שיין פריילײַ, אז פאר דעם סילעק האָט מען זיך גאָרנישט צו זאָרגן! אָט האָב איך ערשט א בריוו געהאט פון די ברידער סיקארד פון טרי̤עסט, אז עס גייט מיר שוין הונדערט צענטנ קאווע און הונדערט צענטן צוקער, אכוץ וואָס עס קומט מיר ווידער אָנ פון ווין באקאליעס און אנדערע פּראָדוקטן.

## זעקסטער ארײַנקום

ר׳ יעראכמי̤על, ר׳ גאוורי̤על, אלטעלע

יעראכמי̤על (נעמט אראָפּ דעם ספּאָדעק): בא־בא־בא־בא־באלעבאָס! גייט שוין א־א־אהיים.

אלטעלע (לאכט זייער).

ר׳ גאוורי̤על: זעען זי, פאר גרויס פּרעשפּעקט קען ער אזש דאָס וואָרט נישט ארויסרעדן! (צו יעראכמי̤על) וואָס ווילסטו, וואָס?

יעראכמי̤על: קו־קו־קו־קומט שוין אהיים, אז מע בא־בא־בא־באדארף אים, מוז מען ערשט לויפן זוכן. דער פּאָ־פּאָ־פּאָ־פּאָטשטער איז געקומען מי־מי־מי־מיט א־א־א בריוו.

ר׳ גאוורי̤על: נו, גיי זאָג אים, ער זאָל ווארטן א מינוט, איך קום טייקעף צו גיין, אָדער — זאָג אים, ער זאָל דיר איבערלאָזן דעם בריוו.

יעראכמי̤על: דעם סייכל הא־הא־האָב איך אויך געהאט, ער בייזערט זיך אָבער אור־אור־און שעלט אײַך מי־מי־מי־מיט פינצטערע קלאָלעס, ווײַל אי־אי־איר זענט

---

[1] פוילײַאק, פּוסטעפּאסניק. — רעד.

אים א־אזוי אויך שוין שו־שו־שולדיק פאר עטלעכע בריוו און גי־י־י־יט שוין א־א־אזוי לאנג נישט אָפּ.

ר׳ גאוורי׳על (נעמט אים אָן און וויל אים ארויסוואַרפן): נו, גיי שוין צו אַלדי שווארצע יאָר.

יעראכמיִעל: נו, אי־אי־איך גיי שוין, וועט אי־אי־איר אָבער א־א־אהין אויך נאָכקומען?

אלטעלע (לאַכט זייער שטארק): דאס הייסט איין רעשפּעקט!

ר׳ גאוורי׳על (וואַרפט יעראכמיעלן ארויס): נו, גיי שוין, דו שטומער הונט.

יעראכמיִעל (גייט אוועק).

ר׳ גאוורי׳על: דאָס איז ער נאָר אזוי פארשארט געוואָרן, ווייל ער פארדינט בא מיר אזויפיל געלט פון מעקלעריי און צעטלגעלט; א קאטאָוועס, מיינען זי, פארדינט דער אכבעראָש בא מיר אָן די סכוירעס, וואָס קומען אָן אלע וואָך? וואָרן מענטשן ווילן גאָר דאָס גלייבן?

אלטעלע: אָ! איך גלויבע איהנען, איך ווייס, איך ווייס, זי זינד זעהר רייך. זעהען זי, מאן רעדעט מיר נאָך איין, נאָך איין— (זי דערמאנט זיך אביסל) נאָך איין— אי! איך האב פערגעסען, ווי מאן רופט עס אן— ווי עס הייסט דאָרט, אויף יידיש—א, א—

ר׳ גאוורי׳על: עפשער גאָר, כאָלילע, א שידעך?

אלטעלע: יא, יא, זאָ רופן עס די יודען. זעהען זי, אונד דער ברייטיגאם[1] איזט אויך אויסעראָרדענטליך רייך, ער האט זיין אייגענס זעהר פיל געלד, זילבער אונד צירונג אונד איין זעהר גראָסעס איינפוהרהויז היר אין לעמבערג.

ר׳ גאוורי׳על: ע! גלייבן זי נישט, דאָס איז אלץ ליגנד, דאָס זאָגט נאָר דער שווינדלער, דער שאדכן, אזוי, קעדיי ער זאָל קריגן אסאך שאדכאָנעס. איך וועל מיך וועטן, אז ער האָט קיין געלט, קיין צירונג— און קיין הויז אויך נישט— איך קען שוין די שווינדלערס, די שאדכאָנים!

אלטעלע: איך ווייס יא אבער זעלבסט, דאס ער האט איין זעהר גראָסעס הויז, אונד די מוטער זאגט, דאס ער איזט זעהר, זעהר רייך.

ר׳ גאוורי׳על: אינד איך שווערע אינע, אז ער איז א גרויסער קאפּצן, א ליידעק, א שווינדלער, און דער שאדכן איז א ליגנער, א קאזוועס.

אלטעלע: ווייסען זי דען שאָן, ווער דער ברייטיגאם איזט?

ר׳ גאוורי׳על: וואָס טויג מיר דאָס גאָר צו וויסן, אז איך ווייס נאָר, אז ער איז א גרויסער אָרעמאן, אן עוויען— איז שוין גענוג. אָט וועל איך דאָך טאקע טייקעף געוויר ווערן, ווי הייסט ער, ווי?

אלטעלע: ער הייסט ר׳ שמעלקע טרויניקס.

ר׳ גאוורי׳על (צו זיך אין דער שטיל): אָ־ווא אזוי בין איך טאקע אין דער ערד, דער איז טאקע א גרויסער אוישער. נאָר א קלוגער יונג קען זיך אן אייצע געבן. (ער לאכט הויך) הא־הא־הא, נו, וואָס האָב איך געזאָגט? דער ליטוואָק! דער שווינדלער! דער עוויען! מיין אייגנס זאָל איך האָבן, וואָס ער איז מער שולדיק אפּ וואָכנגעלט, ווי ער פארמאָגט. (צו זיך אין דער שטיל) א נאר בין איך, נאָך וואָס טויג עס

[1]) כאָסן. — ר ע ד.



מיר? (הויך) און דעם פּאסקודניק, דעם אלטן סאָבאק ווילן זי נעמען פאר א כאָסן? (ער לאכט זייער) דעם פּאסקודנע ליטוואָק? דעם בייזן מענטש, וואָס האָט ערשט א ווייבל נעבעך דעם טויט געמאכט?

אלטעלע: האט ער איהר דען טאָד געמאכט? זי וואר יא אימער געזונד, נור זי איזט פער צופאל פאָן די טרעפּ הערונטער געפאלען אונד איזט געשטאָרבען, וואס איזט ער שולדיג?

ר׳ גאוורי׳על: וואָס ער איז שולדיק? יאָ, ווער ווייסט? אז אזוי א ליטוואָק האָט פייַנט א ווייַב, קען, כלעבן, גאָר זיין, אז דער רויצייעך האָט זי אליין פון די טרעפּ אראָפּגעוואָרפן, קעדיי ער זאָל זי קענען גאָר גרינג פּאָטער ווערן.

אלטעלע: ער וואר יא אבער דאמאלס גאר ניכט היר אין עמבערג.

ר׳ גאוורי׳על (ער פאלט איר אין די רייד אריין און רעדט גאנץ געשווינד): אָבער זיינע מעשאָרסים זענען יאָ הי געווען, הע? אָבער בוזיוולעך האָט ער איר גע־שריבן, דער גאזלען, הע?—נו, נו, נו, האָט ער זיך שוין געוווסט אן אייצע צו געבן, דער רויצייעך! (ער ווערט קלאָמערשט בייז) נו, לאָזן זי מיך שוין גאָר גיין און נעמען זי זיך דעם ליטוואָק פאר א כאָסן, איך וועל, כלעבן, אויך קריגן א שיינע קאלע— איך וועל אָסער אויך נישט פארזיצן. נאָר עס איז גאנץ גוט צו קענען זעלכע מענ־טשן, ווי זי זענען. ווי איך זע איין, מעג איך שוין אוועקגיין? (ער וויל קלאָמערשט אוועקגיין).

אלטעלע (כאפט אים אָן בא דער האנט און לאָזט אים נישט גיין): אבער, ליבער הער הענדלער! געהען זי ניכט, אום גאָטעס ווילען, זיין זי נור ניכט בעזע, איך וויל איהם יא גאר ניכט, דעם ליטוואָק, ער זאָל נאָך טויזענד מאהל זאָ רייך זיין, ער זאָל האבען מיליאָנען רענדלעך זיין אייגענס! זי, נור זי, מיסען ווערדען מיין ברייטיגאם, איך וויל געוויס קיינען אנדערען.

ר׳ גאוורי׳על (קערט זיך צוריק אום און קושט איר די האנט): אזוי, זעען זי, איז גאָר עפּעס אנדערש. אזוי האָב איך זי גאנץ ליב, מיין שיין פריילי! האלטן זי זיך נאָר בא איין וואָרט, אז זי ווילן נאָר מיך, וועט אוואדע גאנץ גוט זיין.

אלטעלע: אָ, יא, געוויס, געוויס, איך ווערדע מיך געוויס ביי איין וואָרט האלטען. זי מיסען מיין ברייטיגאם ווערדען, זי מיסען מיין מאן ווערדען— נור זיין זי ניכט מעהר בעזע, איך ביטע איהנען.

ר׳ גאוורי׳על: ניין, ניין, איך בין אצינד שוין נישט בייז, נאָר פארדראָסן האָט עס מיך פאָרט, אז אזוי א קלוג, אזוי א געשיקט, אזוי א שיין פריילי, ווי זי זענען, זאָל פלוצלינג נאָכזאָגן זעלכע נארישקייט, וואָס א ליידעק, א שאדכן האָט דאָרט אָנגעפּלוידערט.

## זיבעטער ארייַנקום

יעראכמיִעל, ר׳ גאוורי׳על, אלטעלע

ר׳ גאוורי׳על: ביסטו שוין ווידער דאָ? וואָס ווילסטו?

יעראכמיִעל: דער פּאָ־פּאָ־פּאָטשטער מאכט מיך גאָ־אָ־אָר משוגע, איך זאָל א־א־ייַך אהיים שלעפּן.

ר׳ גאוורי̣על: נו, גיי שוין, האָב דיר א שוואַרציאָר. (צו אלטעלען) אטיעס [1], מיַין שיינע פריילײַ! אטיעס, איך מוז שוין גיין, איך מוז אוואדע האָבן זייער נייטיקע בריוו פון ווין און פון דאנציק. איך וועל נאָך היַינט דאָ זיַין, ר׳ יויכענען וועט אוואדע אויך היַינט זיַין באם טאטן. הערן זי נאָר, וואָס ער וועט ענטפערן, און האלטן זי זיך נאָר בא איין וואָרט — פארשטיין זי מיך שוין?

אלטעלע: זאָרגען זי נור ניכט, עס ווירד געוויס אזוי בליַיבען ווי איך וויל. —

ר׳ גאוורי̣על (וויל שוין גיין): אטיעס, מיַין שיינע פריילײַ! אטיעס.

אלטעלע (האלט אים בא דער האנט): ווארטען זי נור, וואס איַילען זי אזוי? ווערדען זי הייטע זיַין אויף דעם טעאטער?

ר׳ גאוורי̣על: יאָ, מיַין פריילײַ!

אלטעלע: וואס ווירד דען הייטע געגעבען?

ר׳ גאוורי̣על: ווי טאָמיד, א האלבער צוואָנציקער.

אלטעלע (לאכט): האַ־האַ־האַ, אבער וואס פיר איין שטיק ווירד הייטע געשפילט?

ר׳ גאוורי̣על: אלינא אָדער לעמבערג אף יענער וועלט.

אלטעלע: זי מיינען, אלינא אָדער לעמבערג אין איינעם אנדערן וועלט־טייל!

ר׳ גאוורי̣על: דאָס איז אלציינס. נו, אטיעס, מיַין שיינע פריילײַ! האלטן זי זיך נאָר, לעמאנעשעם, בא איין וואָרט! איך האָב איצט גאָר קיין ציַיט נישט איך מוז שוין גיין. אטיעס, בליַיבן זי מיט געזונט.

אלטעלע: געהען זי מיט געזונד.

ר׳ גאוורי̣על און יעראכמי̣על (גייען אוועק).

## אכטער אריַינקום

אלטעלע (אליין)

(זי באקוקט די בראנזאָלעטקעס מיט דער מאטריע און מאכט זיך צורעכט די לאָקן קעגן דעם שפיגל, דערנאָך גייט זי ארום אין שטוב און זינגט):

וועր זיך פאָן דעם טרויונגסרינגע
גאָלדענע טאגע פילע פערשפריכט —
אָ! דער קענט דען לויף דער דינגע
אונד דאס הערץ דער מענער ניכט.

מאנכע ווארף זיך אָהנע זאָרגען
אין דעס מאנעס ארם, ווי דו,
אונד בעווײנטע דען אנדערן מאָרגען
איהרע פריַיהיַיט, איהרע רוה [2].

(זי בליַיבט שטיין און לאכט) האַ־האַ־האַ, דאס איזט מיר דאס איין ליד. זאָ איין יאהר זאָל נאָר שמעלקע ליטוואָק האבען — ניין, מיט מיר און מיט מיַינעם הענדלער ווירד

---

[1]) אדיע. — ר ע ד.

[2]) ווער עס קוקט אויס אף אסאך גאָלדענע טעג פונעם קדושין־רינג, אָ! דער קען ניט דעם גאנג פון זאכן און דאָס הארץ פון די מענער. ניט איינע האָט זיך, ווי דו, אָן זאָרגן געוואָרפן אין די אָרעמס פונעם מאן און האָט צומאָרגנס באוויינט איר פריַיהיַיט, איר רו. — ר ע ד.



עס גאנצ אנדערס זיַין; איך ווייס, איך בין פאָן זיַינער ליבע איבערציַיגט. וואס ער מיר שאָן אלעס איבערגעשענקט האט, זיַיט ער צו אונז הערייַנקאָמט, אוי, אוי, אוי! (זי בליַיבט אביסל שטיל, דערנאָך רעדט זי מיט כיין) אך! אונד מיַין הערצ, מיַין גוטעס הערצ, שפריכט נור פיר איהן! איין נאר מעכט איך זיַין, איך זאָהל נעהמען דעם ליט־וואָק אונד זאָל נאָך נאך דער האָכציַיט אויך געהען יידיש אנגעצאָגען. (זי מעסט זיך אָן קעגן דעם שפיגל די מאטריע און די בראנזאָלעטקעס) אך! דאס ווירד מיר אנשטעהען, און ווען נאָך איין הוט מיט פעדערן! דא צוקאָמען ווירד — אך, ווי שעהן! ווי הערליך ווערדע איך אויסזעהען! יא, דיַיטש מוס איך געהען, אונד מיַין הענדלער אויך! אך, ווען וויר זאָ איינמאהל אויסגעהען ווערדען, אויף איין שפאציר — עס ווירד אונס געוויס נימאנד ערקענען, דאס וויר יודען זינד. (זי בליַיבט אביסל שטיל) ווען נור דער פארפלוכטע שאדכען שאָן איינמאהל קאָמען מעכטע. אונד וואס ווירד איהם די מאמעניו אנטוואָר־טען? (זי טראכט נאָך) רייַך איזט ער זעהר, דאס איזט וואהר; ער האט עס מיר יא עטליכע מאהל זעלבסט געזאגט. כלעבן, איך ווערדע זעהר גליקליך ביַי איהם זיַין. אלע מיידלעך ווערדען מיך בענײדען [1]) (זי שוויַיגט אביסל, דערנאָך גיט זי זיך פלוצלינג א כאפ) אך! איך האבע גאנצ אן דער שטונדע פערגעסען! דער רעדליך מאכט מיך אויך גאנצ טאָל [2]) מיט זיַינער לעקצי̣אָן. ווען נאָר וועהרענד דער שטונדע ר׳ יויכענען ניכט קאָמען מעכטע. נאָר איך ווערדע די לעקצי̣אָן אויף נאכמיטאג זעהען אבצולעגען, דען נאך מיטאג ווערדע איך שלאפען. (זי לאכט און לויפט אוועק).

## נײַנטער אריַינקום

היִנדע (קומט פון דער טיר, וואָס איז אין דער רעכטער זיַיט, גאנצ פארזאָרגט): אוי! וואָס מע מוז נישט אלצ ליַידן, אז מע האָט קיין טאטע און קיין מאמע נישט! איך טאָר נישט זיַין אין שטוב, ווען אלטעלע לערנט מיט רעדלעכן! איך בין שולדיק, וואָס רעדלעך זאָגט, אז איך קען די לעקצי̣אָן נאָר פון צוהערן פון וויַיטן בעסער ווי פרידעריקע! — גאָט ווייסט, עס איז מיר שוין באלד אומעגלעך לענגער אויסצו־האלטן די טעגלעכע אגמעסנפעש פון פריידען און פון דער מומען באזונדער. וואָס איך טו, געפעלט זיי אלצ נישט. (זי איז זיך אביסל מעיאשעוו) נאָר עפשער בין איך טאקע אזוי א שלימעזאלניצע, אזוי א צאָרע, ווי זיי זאָגן? יאָ, העט מיר דאָך דאָס רעדלעך גע־ווען פירגעהאלטן און געזאָגט: „דיזעס אונד דיזעס, מיַינע ליבע הינדעלע, האבען זי שלעכט געמאכט; היר האבען זי געפעהלט, זוכען זי דיזע פעהלער ווידער גוט צו מאכען“. און אז ער זאָל מיר געווען נאָר איינמאָל זאָגן, העט איך דאָך אים אוואַ־דע געפאָלגט. און ס׳אנדערע, איך זע דאָך, אז אפילע גוטס, וואָס אלע מענטשן מוזן זאָגן, אז איך האָב רעכט געטון, טאָר איך אויך נישט טון! פארוואָס? וואָרן עס וועט פריידען פארדריסן, אז איך האָב רעכט געטון! (זי בליַיבט אביסל שטיל) אוי! ווי ליב די מומע פלעגט מיך צו האָבן, ווען איך בין נאָך באם טאטן, אָלעוו האשאָ־לעם, געווען. גאָט איז מיַין אײדעס, אז איך האָב זי נאָך איצט אקוראט אזוי ליב, ווי דעמלט; און צו פאָרט זע איך, ווי זי קריגט מיך אלע טאָג מער פיַינט. אוי!

---

[1]) מעקאנע זיַין. — ר ע ד.

[2]) מעשוגע. — ר ע ד.

הײַנט ווערן דאָס פיר יאָר, אז מײַנ גילדענער טאטע איז געשטאָרבנ! נאָכ איצט שטייט ער מיר פאר די אויגנ, גלײַכ ער העט געלעבט; ווי ער האָט מיכ פאר זעקס יאָר, איידער ער איז אוועק פונ אונדז, גענומענ אפ דער האנט און האָט מיכ געקושט און געוויינט. איכ געדענק עס נאָכ אזויווי הײַנט, ווי ער האָט געזאָגט, ער וועט ווארטנ ביז רעדלעכ וועט קומענ אויס דער שול, ער זאָל זיכ מיט אים געזעגענענ. ניינ, אינ מײַנ לעבנ וועל איכ דאָס נישט פארגעסנ דאָס קושנ, דאָס האלדזנ און דעם כאפ־ארום מיט ביידע הענט, ווי ער איז נאָר ארײַנגעקומענ, גלײַכ ער העט געווענ זײַנ אייגנ קינד. אפילע פרעמדע מענטשנ האָבנ, אפ אונדז קוקנדיק, געקלאָגט און געוויינט. (זי ווישט די אויגנ און וויינט) גוטער טאטע! זיסער טאטע! האָט דיר שוינ דעמלט דײַנ הארצ געזאָגט, אז דו וועסט שוינ ניט מער אהיים קומענ? אז דו וועסט דײַנ קינד שוינ מער נישט זענ? אז דאָס איז שוינ דאָס לעצטע מאָל געוועזנ? (זי רעדט ווײַטער אלעמאָל מער אָנ קויעכ און אזויווי פארטראכט) יאָ, יאָ, דאָס לעצטע מאָל געוועזנ! לעצטע מאָל? — ניינ, ניינ, הארציקער טאטע! ניינ... איכ וועל עס שוינ באלד נישט מער קענענ אויסהאלטנ. ניינ, גוטער טאטע! עס איז נישט געווענ צום לעצטנ מאָל, ניינ, נישט צום לעצטנ מאָל האָסטו דײַנ איינציק קינד געזענ — וועלנ מיר זיכ באלד, יאָ, באלד, ווידער זענ!
(זי פאלט גאנצ פארשלאָפט אנידער אפ דער קאנאפע)

## צענטער ארײַנקום

הינדע, כאווע

כאווע (קומט ארײַנ און זעט נאָכ נישט הינדענ): דאָס עפעלע פאלט נישט ווײַט פונ ביימעלע! ווי די מוטער, אזוי דאָס טעכטערל! אלטע האָט הײַנט אפ דער לינקער זײַט געמוזט אופשטיינ, וואָס זי וויעוועט אלצ אזוי פונ דער פרי אָנ מיט מיר און מיט הינדענ. ווו איז הינדעלע? איכ האָב געמיינט, זי איז דאָ. (זי קוקט זיכ אום און דערזעט הינדענ. זי גייט צו איר צו און זעצט זיכ נעבנ איר אנידער אפ דער קאנאפע) הינדע־לעבנ! וואָס ליגסטו אזוי, מײַנ הארצ?! מאכ דיר, כלעבנ, גאָרנישט דרויס, איכ בעט דיכ. (זי נעמט זי ארום און קושט זי) מײַנ גילדנ לעבנ! מאכ דיר גאָר קיינ אגמעסנעפעש נישט דרויס, וועסטו זענ, ווי גאָט וועט דיר נאָכ העלפנ; דו וועסט זענ, אז דו וועסט נאָכ אמאָל זייער גליקלעכ זײַנ. (זי וויינט און ווישט זיכ אָפּ די טרערנ פונ די אויגנ) וויינ נישט, מײַנ לעבנ! מײַנ הארצ! וויינ נישט, איכ בעט דיכ.

הינדע: ביסט זייער גערעכט, כאווע! נישט וואָר? איכ זאָל נישט וויינענ, זאָגסטו? ביסט עפשער גערעכט, נאָר עס האָט א פּאָנעם, כאווע־לעבנ, אז דו האָסט גאָר פארגעסנ, וואָס הײַנט פאר א פינצטערער טאָג איז.

כאווע: גלייב מיר, אז איכ וועל פריִער פארגעסנ, אז איכ לעב, איידער אָנ דער צאָרע פונ דעם הײַנטיקנ טאָג! איכ ווייס אוואדע גאנצ גוט, אז הײַנט איז מײַנ גוטנ באלעבאָס יאָרצײַט, נאָר זאָג מיר, מײַנ לעבנ: איז דענ נישט איטלעכער טאָג, זײַט דער פינצטערער בריוו איז צו דער מומענ געקומענ, בא דיר אזויווי טישעבאָוו? האָב איכ דענ נאָכ פונ דעמלט אָנ געזענ פונ דיר א פריילעכע מינוט? כלעבנ! עס איז אָסער גאָר קיינ אוויירע נישט, מעגסט שוינ טאקע אביסל פארגעסנ, דו מוזט דאָכ דײַנ געזונט אויכ זענ צו שוינענ.



הינדע: כאווע! דו זאָלסט דאָס זאָגנ, דו? (זי זעצט זיכ אופ) דיר זאָל זיכ גאָר קענענ די צונג לייגנ דערצו, אזוי איינס צו זאָגנ? דו, וואָס דו ביסט בא אונדז אינ הויז דאָס הייסט דאָכ גאָר טאקע ווי אופגעצויגנ געוואָרנ? דו, וואָס דו ווייסט זייער גוט, וואָס פאר א טאטנ איכ האָב געהאט, זאָלסט אצינד אזוינס קענענ זאָגנ? דו, וואָס דו ווייסט זייער גוט, ווי גליקלעכ איכ בינ געוועזנ, זאָלסטו קענענ אצינד זאָגנ, אז איכ זאָל אָנ מײַנ גילדענעמ טאטנ נעבעכ פארגעסנ? גאָר אינגאנצנ פארגעסנ? — אפילע אָנ דעם טאָג, ווענ זײַנ פינצטערע יאָרצײַט געפאלט, זאָל איכ אויכ אָנ אים פארגעסנ? נישט וואָר, כאווע, דו ביסט גערעכט?

כאווע: נו, נו, מײַנ לעבנ! איכ בינ אומגערעכט, דו ביסט גערעכט, דו קענסט נישט פארגעסנ — ווער קענ דענ יאָ אזוי א טאטנ פארגעסנ? זאָג מיר נאָר אָבער, מײַנ לעבנ — אז דער טאטע איז יאָ אזוי גוט געוועזנ קעגנ דיר, פארוואָס האָט ער...

הינדע (פאלט איר אינ די רייד ארײַנ): דו מיינסט עפשער דאָס, וואָס ער האָט אפ דער מומענ דאָס גאנצע פארמעגנ אָפּגעזאָגט? — גלייב מיר, מע מעג זאָגנ, וואָס מע וויל — מינאסטאם האָט ער געוווּסט, וואָס ער טוט, וואָרנ די גאנצע וועלט ווייסט גאנצ גוט, וואָס פאר א כאָכעמ ער איז געוועזנ, און ווי ליב ער האָט מיכ, זײַנ איינציק קינד, געהאט. דו אליינ קענסט דיכ נאָכ דערמאנענ, ווי ער פלעגט צו וויינענ און גאנצע נעכט נישט צו שלאָפנ, אז איכ בינ נאָר עפּעס שלאָפּ געוועזנ. איבער דאָס מיינ איכ, אז ער האָט אוואדע געמוזט האָבנ א גוטנ טאמ, וואָס ער האָט אזוי געטונ. און ס'אנדערע, העט איכ שוינ גליקלעכער געוועזנ, ווענ איכ זאָל האָבנ דאָס גאנצע פארמעגנ? ער איז פאָרט איינמאָל פאר אלעמאָל געשטאָרבנ, און איכ האָב קיינ טאטנ נישט.

כאווע: וואָס דאָס פארמעגנ העט דיר געווענ געהאָלפנ? המ! העסטו געדארפט צו זײַנ בא דער מומענ? העסטו געדארפט די צאָרעס, די לייד פונ איטלעכנ באזונדער צו לײַדנ, וואָס דו לײַדסט איצט? העט געטאָרט א ליאדע פארכ דיר א וואָרט רעדנ? און לאָמיר זיכ נאָר גאָרנישט נארנ, — ווער שמועסט פונ עפּעס אנדערשט, העטנ נישט געקענט נעבנ דיר נאָכ אנדערע מענטשנ — פארשטייסטו, וואָס איכ מיינ — אנדערע מענטשנ — אויכ נעבנ דיר גליקלעכ זײַנ, הע?

הינדע (קוקט כאוועג גוט אינ פּאָנעם ארײַנ און פאָרשט זי): איכ פארשטיי נישט, — אנדערע מענטשנ? וועמענ מיינסטו? ווער זענענ דאָס די אנדערע מענטשנ? איכ ווייס נישט — מיינסטו עפשער דיכ?

כאווע: גלייב מיר, הינדע־לעבנ! איכ ווייס, וואָס איכ רעד, כלעבנ! איכ רעד נישט פונ קיינ הויל פּאס ארויס, — נאָר זאָג מיר נאָר, איינ זאכ וועל איכ דיכ פרעגנ: זאָג מיר, וואָס האָב איכ דיר אזוינס געטונ, וואָס דו ביסט קעגנ מיר אזוי שלעכט געוואָרנ? זאָג מיר כאָטש, אדעראבע, לאָמיכ אויכ וויסנ!

הינדע: איכ קעגנ דיר שלעכט? כאווע! עס האָט זיכ דיר עפּעס געמוזט כאָלעמענ!

כאווע: אוואדע דארפ זיכ מיר ערשט צו כאָלעמענ — זע איכ דענ נישט אליינ, ווי דו ביסט שוינ גאָרנישט די הינדעלע קעגנ מיר, וואָס דו פלעגסט צו זײַנ.

הינדע: זאָג מיר, כאווע־לעבנ! (זי בעט זי) אומ גאָטעס ווילנ, וואָס מיינסטו, וואָס?

כאווע: וואָס איכ מיינ? אוי, אוי! איכ בינ אָסער גאָר קיינ נאר נישט, איכ זע אלצ גאנצ גוט, וואָס עס טוט זיכ, נאָר איכ קוק צו דאָס גרייטע, און איכ זאָג

דיר דעם עמעס, איך האָב אלץ געמיינט, אז דו ווערסט מיר אליינ דערציילנ — וואָרנ ווער האָט דיך דענ נאָך אזוי ליב, ווי איך האָב דיך? פארוואָס זאָלסטו מיר דאָס נישט אלץ דערציילנ, הע?

היינדע (גלעט כאוועג בא דער באק): איך בעט דיך! (זי קושט זי) זאָג מיר שוינ אונ מאטער מיך נישט!

כאוועג (קוקט הינדען שטארק אינ פּאָנעם ארײַנ): זאָג מיר נאָר, קענסטו איינעם, וואָס ער הייסט מארקוס רעדלעך, הע? (זיי בלײַבנ ביידע אביסל שטיל).

היינדע (לאָזט אראָפּ די אויגנ אונ שעמט זיך, דערנאָך כאפּט זי כאוועג ארומ מיט ביידע הענט אונ קושט זי): כאוועלעבנ! דו ביסט זייער גערעכט, איך ווייס אליינ, אז איך האָב קעגנ דיר זייער געפעלט; איך בעט דיך, מײַנ כאוועלעבנ, זײַ מיר מויכל, איך וועל דיר שוינ אלץ דערציילנ. (זי בלײַבט פלוצלינג שטיינ גאָר שטיל אונ שעמט זיך).

כאוועג: נו? אזוי דערציילסטו מיר? וואָס שעמסטו דיך אזוי? וואָס ווערסטו דאָ אזוי רויט? גיי, ביסט א נאר! זאָג ארויס אינגאנצנ. א בלינדער זעט דאָך אויך. נו, דו האָסט אימ ליב — ווער האָט דענ רעדלעכנ נישט ליב? איז ער דענ נישט ווערט, אז מע זאָל אימ ליב האָבנ? ער איז זייער שיינ, געשיקט, קלוג אונ דערצו זייער ערלעך.

היינדע: כאוועלעבנ! וואָס ווייסטו, וואָס ער איז! איז דענ גאָר דאָ אינ דער גאנצער וועלט זײַנס גלײַכנ? קלוג, זאָגסטו? זע נאָר, ווי ער באנעמט זיך דאָ אינ הויז בא דער מומענ זײַט דרײַ יאָר קעגנ איטלעכנ באזונדער, אז קיינ מענטש, אפילע פריידע, קענ אימ נישט פײַנט האָבנ —

כאוועג (פאלט איר אינ די רייד ארײַנ): אונ ווער שמועסט פונ דער באלעבאָסטע, די שטארבט דאָך גאָר נאָך אימ.

היינדע: שיינ, זאָגסטו? וואָס טײַטש, קוק נאָר אָנ זײַנ שיינ פּאָנעמ, די רויטע ליפּנ, די שיינע קײַלעכדיקע בעקעלעך, דעמ הויכנ גלאטנ שטערנ אונ די פײַערדיקע אויגנ — ער איז דאָך טאקע גאָר א פּאטרעט. וואָס שמועסטו דאָ, אויב ער איז געשיקט? זײַנ זיס שמועסל, זײַנע צוקערדיקע ווערטער! ער רעדט דאָך ווי א בוך. אונ ווער איז דענ נאָך אינ זײַנע יאָרנ שוינ אזויווי ער אינ דעמ דריטנ יאָר דער מעדיצינ? ער איז דאָך שוינ טאקע באלד א גאנצער דאָקטער.

כאוועג: ווייסטו, ער האָט דאָ אנומלט געשמועסט מיט דעמ סראָרע, וואָס אינ געווענ בא דער באלעבאָסטע זיך געלט לײַענ, פראנצייזעריש, צי לאטיינעריש — כלעבנ! זיי העטנ מיך געקענט פארקויפנ, אונ איך זאָל גאָרנישט וויסנ. (מע הערט אינ דרויסנ סערקעלעס קאָל, ווי זי שרײַט: הינדע! הינדע!).

היינדע: מיר דאכט זיך, אז די מומע רופט מיך?

כאוועג: יאָ, יאָ, גיי שוינ, גיי, וואָרנ זי וועט שרײַענ אפּ דיר.

היינדע (גייט אונ קערט זיך ווידער צוריק אומ): כאוועלעבנ! נאָך איינ זאך וועל איך דיך בעטנ...

כאוועג (פאלט איר אינ די רייד ארײַנ): איך ווייס שוינ, וואָס דו ווילסט מיר זאָגנ; גיי נאָר, גיי, איך וועל שוינ פאר קיינעמ נישט איבערכאזוערנ. (מע הערט ווידער סערקעלעס קאָל: „הינדע, הינדע! האָב איך זשע יאָ קויעכ צו שרײַענ דרײַ מאָל הינדע? — הינדע!").

היינדע (לויפט געשווינד אוועק דורכ דער מיטלסטער טיר אונ באגעגנט כאימענ אונ גיט אימ אינ לויפנ א וואָרפ אומ, ווי ער וויל גייג אינ שטוב ארײַנ).



# עלפטער ארײַנקומ

כאוועג, כאימ

כאוועג (לויפט צו אונ העלפט כאימענ זיך אופהייבנ): וואָס טוט זיך דאָס הײַנט מיט דיר? צי ביסטו שיקער? צי וואָס?

כאימ: לאָז שוינ הינדע ארײַנגיינ, זי מאכט דאָך א גוואלד, אז מע קומט שיר צו לויפנ.

כאוועג: נו, נו, זי איז שוינ געלאָפנ. נאָר ווײַז נאָר: האָסטו זיך נישט ערגעצ סקאליטשעט?

כאימ (בייזערדיק): צי האָב איך מיך יאָ סקאליטשעט, צי נישט, וואָס גייט דאָס דיך אָנ? פרעג איך דיך עפּעס?

כאוועג: עפּעס ביסטו מיר הײַנט זייער בייז, כאימ! איז דיר נישט א שיפ אונטערגעגאנגענ?

כאימ: וואָס טויג מיר דאָס אסאך שמועסנ, כאוועג! מיט אונדז האָט זיך שוינ אויסגעלאָזט, אנ עק!

כאוועג (שמייכלט): עס האָט א פּאָנעמ, אז עס האָט זיך צווישנ אונדז עפּעס גאָר אמאָל אָנגעהויבנ?

כאימ: וואָס? עס האָט זיך גאָרנישט אָנגעהויבנ? נו, לאָז זײַנ אזוי, הײַנט איז דײַנ צײַט. (ער גייט ארומ אינ שטוב אונ רעדט קלאָמערשט אזויווי צו זיך אליינ) האָט זיך נאָך אזוינס פארלאָפנ? א מיידל זאָל זיך לאָזנ א קוש געבנ פונ א פרעמדנ מאנצפּארשוינ?!

כאוועג: וועמענ מיינסטו, וועמענ?

כאימ (בלײַבט פלוצלינג שטיינ פאר כאוועגנ): וועמענ איך מיינ? (ער לאכט מיט קאס) וועמענ זאָל איך מיינענ? דיך מיינ איך, דיך!

כאוועג (לאכט): הא־הא־הא, מיך? מיך מיינסטו? וואָס? איך האָב מיר געלאָזט א קוש געבנ?

כאימ: יאָ, יאָ, דו מיינסט, איך האָב עפּשער נית געזענ, ווי ר' גאווריעל איז דורכגעגאנגענ דורכ דער קיך אונ האָט דיר א קוש געגעבנ? דאָס ביסטו נאָר אזוי געוואָרנ, זײַט דו ביסט מיט דער באלעבאָסטע געווענ אינ דעמ ווארעמבאָד.

כאוועג (לאכט זייער).

כאימ: איך פלעג אָבער טאָמיד צו זאָגנ, אז מע זאָל קיינ קאלע נישט נעמענ, וואָס איז שוינ אביסל אינ דער וועלט געווענ. (ער ווײַנט אונ ווישט זיך אויס די אויגנ).

כאוועג (לאכט נאָך שטארקער).

כאימ: ניינ, עס איז שוינ מיט איר גאָרנישט צומ אויסהאלטנ! אונ אלץ דורכ דעמ פארשווארצטנ ווארעמבאָד! וועל איך אָבער יאָ אמאָל א כאָסנ ווערנ, מוז אינ די טנאָימ שטיינ בעפּיירעש ארויסגעשריבנ, אז די קאלע טאָר קיינמאָל נישט פאָרנ אינ דעמ ווארעמבאָד ארײַנ. (ער ווישט זיך אויס די אויגנ אונ קוקט כאוועגנ שטארק אינ פּאָנעמ ארײַנ) איך ווייס נישט, וואָס דו ביסט דאָס אזוי גרויס בא דיר? עפּשער מיינסטו גאָר, אז איך בעט מיך זייער צו דיר? אהא, אוואדע; דאָ האָסטו טאקע אָנגעטראָפנ. עס איז מיר נאָר דראָג געלעגנ, וואָס דער טאטע האָט זיך אײַנגעשפּארט, אז איך זאָל דאפקע נאָר דיך נעמענ, אונ איך, נאר, האָב אימ נאָך צוגעזאָגט. נאָר ווארט

נאָר, וואַרט — איך וועל אים שוין דערציילן פון דײַנע כעפּצעלעך, וואָס דו ביסט פאַר א שטיק סכוירע.

כ א ו ו ע (האַלט זיך בײַ די זײַטן און לאַכט זייער שטאַרק).

כ א יִ ם (מיט קאַס): נו, נו, לאַך נאָר, לאַך, וועל׳מיר שוין זען, ווער עס וועט שפּעטער לאַכן, איך צי דו. אָט לויף איך שוין צום טאַטן און וועל אים איטלעכעס פּיצל דערציילן! (ער לויפט אַוועק מיט קאַס).

כ א ו ו ע (לאַכט): האַ־האַ־האַ, דאָס הייסט געווען א נאַר! שלאָגן האָב איך מיך געוואָלט מיט דעם הולטײַ! דאָס איז דאָס נאָך אביסל א נאַר! נאָר, כלעבן, א גוטער, אַן ערלעכער נאַר, אַזוי א יאָר זאָל איך האָבן. עס טוט מיר, כלעבן, באַנק, וואָס איך האָב אים דאָ אַזויפיל אַגמעסנעפּעש אָנגעטון. נאָר ער וועט שוין שפּעטער בעסער ווערן, כאָטש ער איז אַזוי בייז אַוועקגעלאָפן. ער וועט שוין שפּעטער אַליין קומען צו מיר און וועט מיך איבערבעטן. העט איך אַזוי באָטועך געווען, אַז איך וועל מיך מיט אים עלטערן אין אוישער און אין קאָוועד! (זי לויפט אַוועק. דער פאָרהאַנג לאָזט זיך אַראָפּ).

ס אָ ף   פ ו ן   ד ע ם   ע ר ש ט ן   א ו פ צ י

# צווייטער אופצי

עס קומט פאָר די אייגענע שטוב בײַ ר׳ מוישע דאַנצקער, ווי בײַ דעם ערשטן אופצי.

## ערשטער אַרײַנקום

ר׳ מ ו י ש ע   ד א נ צ ק ע ר (אַליין)

(ער זיצט בײַ א טישל, דעם קאָפּ אויף דער האַנט אָנגעלענט, זייער פאַרטראַכט; דערנאָך הייבט ער זיך אויף און גייט א פּאָר מאָל אין שטוב אַרום און אַראָפּ און זיפצט. ער זעצט זיך ווידער אַנידער און טראַכט אַזויווי פריִער. פּלוצלינג גיט ער זיך א כאַפּ־אויף מיט א געשריי): עס איז פאָרט נאָר געווען א כאָלעם! (ער רוט זיך אביסל אָפּ, דערנאָך זאָגט ער אביסל שטילער) יאָ, פאַרוואָס האָט זיך מיר אָבער נאָך אין מײַן לעבן נישט אַזוי א כאָלעם געכאָלעמט? גראָד הײַנט! גראָד אין דעם טאָג... (ער קוקט זיך אַרום אויף אַלע זײַטן) איך מעג דאָך דאָ זאָגן, עס הערט דאָך דאָ קיינער נישט: הײַנט איז אַקוראַט דער טאָג, וואָס איך האָב אַלע אָפּגענאַרט, אַז מײַן שוואָגער דאָוויד איז אונטערוועגנס געשטאָרבן. אוי, האַלעווײַ העט איך דעמלט ליבער אַליין געווען געשטאָרבן, העט מיר עפּשער בעסער געווען, ווי אַצינד־ דערט! האָט דער שוואַרצער יאָר געדאַרפט גראָד דעמלט אָנצוטראָגן דעם באַל־אייצע, דעם שמועל שרײַבער, ער זאָל מיר אייצעס געבן! נאָר ער איז אויך נישט שולדיק: וואָס מע האָט אים געהייסן, דאָס האָט ער געטון — ווי מע שפּילט, אַזוי טאַנצט מען. סערקע! סערקע! גאָר דו האָסט מיך געקוילעט! (ער שווײַגט אביסל שטיל, דערנאָך הייבט ער אָן צו דערציילן און דערציילט אַלעמאָל העכער) די נאַכט, זייגער צוועלעף האָט עס שוין אַוואַדע געמוזט זײַן, האָט זיך מיר געדאַכט אין כאָלעם, אַז איך בין אַזויווי אויף יענער וועלט, און איך זיץ אין א ווינקעלע אויף אַן אָרט, ווו עס האָבן געברענט אַן אויצער מיט ליכט, אַזויווי יאָמקיפּער אין שול, און עס גייען אַרום זייער אַסאַך מייסים, אַלע אין טאַכריכים אָנגעטון, אָבער אַזוי שטיל, אַז מע האָט נישט געהערט א שאָרך. (ער ווישט זיך אָפּ דעם שווייס פון שטערן) האָר און נעגל שטעלן זיך מיר קאַפּויר, אַז איך דערמאָן מיך דראָן! פּלוצלינג דערהער איך, ווי מע בלאָזט דאָס ערגעץ שויפער. עס האָט אָנגעהויבן זייער שטאַרק צו דונערן און צו בליצן. איך האָב געהערט אַזוי אַסאַך קולעס, גלײַך עס העטן זיך אַלע ווינטן, אַלע זאַווערוכעס פון דער גאַנצער וועלט אויף איין אָרט צונאַנדגענומען און האָבן זיך געוואָלט פּרוּוון, ווער פון זיי עס האָט א העכער קאָל. אַפּאַמאָל זײַנען אַלע ליכט אויסגעלאָשן געוואָרן, עס איז געווען שרעקלעך פינצטער, די ערד האָט אָנגעהויבן אונטער מיר צו ציטערן און צו פלאַטערן; עס איז אַזוי א פּאַכעד, אַזוי אַן איימע אויף מיר געפאַלן, אַז איך דערמאָן מיך נאָך איצט, ציטער איך ווי א פיש אין איטלעכן אייווער,

און עס ווערט מיר אזש קיל אין בויך, און עס דאכט זיך מיר, אז איך הער נאָך, ווי מע בלאָזט: פריִער גאנץ שטיל, דערנאָך אַלעמאָל העכער און העכער און העכער, ווי א טקיִע גדולה. (ער שווײַגט אביסל שטיל) פּלוצלינג — עפענען זיך אוף צוויי גאנץ גרויסע טויערן, און איך האָב דערזען שטיין צוויי שרעקלעכע לאַנגע הויכע מענטשן מיט פײַערדיקע פליגל אף דעם רוקן. איינער האָט געהאַלטן אין דער האַנט א גרויסע וואָגשאָל, און דער אנדערער א גרויסע פײַערדיקע רוט — עס איז זיי געווען א מוירע אָנצוקוקן. פּלוצלינג הייבט אָן איינער מיט א יעמערלעכן קאָל צו שרײַען: „וויי, וויי דעם, וואָס האָט באַגאַזלט אַלמאָנעס און יעסוימים! וויי דעם, וואָס קען הײַנט נישט באַשטיין באַם מישפּעט! וויי, וויי אים! ער האָט קיין שום קאַפּאָרע נישט!" — עס איז מיר געוואָרן פינצטער פאר די אויגן — איך בין געבליבן שטיין, ווי א סלופּ. דערנאָך האָט ווידער דער אנדערער אָנגעהויבן צו שרײַען מיט א קאָל, וואָס מע האָט געהערט פון איין עק וועלט ביז צו דער אנדערער: „שטייט אוף! שטייט אוף, טכיִעס־האַמייסים!" און איך האָב מיט מײַנע אייגענע אויגן געזען, ווי די ערד און דער יאַם האָבן ארויסגעוואָרפן קעפּ, הענט, פיס און געדערים, און זיי האָבן זיך ווידער צונויפגעשפּעט און זענען געוואָרן גאַנצע מענטשן און האָבן ווידער געלעבט. פּלוצלינג... (ער רעדט אַלעמאָל העכער און רוט זיך אָפּ צווישן איטלעכן וואָרט) אוי! פּלוצלינג פיל איך — ווי עמעצ — גיט מיר — א קלאַפּ — אפ דער — פּלייצע. ווי איך — קוק מיך אום — דערזע איך — אוי! דערזע איך — מײַן — מײַן שוואָגער — דאָוויד — (ער שרײַט גאַנץ הויך) מוישע! קענסטו מיך? (ער פאַלט גאַנץ מיד, אזויווי פאַרטויבט, אנידער אפ דער קאַנאַפּע).

## צווייטער ארײַנקום

ר' מוישע, ר' יויכענען

ר' יויכענען (איז ארײַנגעקומען און האָט געהערט, ווי ר' מוישע שרײַט „קענסטו מיך?" ער גייט גלײַך צו צו ר' מוישען און זאָגט): וואָס טײַטש! אויב איך קען אײַך? וואָס פרעגט איר דאָ פאר א קאַשע? אויב איך קען אײַך? אָך איז מיר! קומט מײַן שמוע אפיר, איר זענט דאָך דאָס קלאָמערשט מיט מיר פון איין שטאָט, אײַער מאַמע, זיכרוינע ליוראָכע, איז דאָך געווען א היונעווערן, צאָרטל זלאַטעס! אָך איז מיר! איך האָב זי זייער גוט געקענט, איך האָב אײַער שוואָגער ר' דאָוויד, אָלעוו האַשאָלעם, אויך זייער גוט געקענט, גלײַך ער העט איצט פאר מיר געשטאַנען.

ר' מוישע (כאַפּט זיך פּלוצלינג אוף): וואָס? — אוי! ווו, ווו שטייט ער? ווו? (ער כאַפּט אָן ר' יויכענען) ווו איז ער, ווו?

ר' יויכענען: וואָס טײַטש, ווו ער איז? ווו זאָל ער זײַן? ער איז דאָך געווען א קאָשערער ייִד, א צאַדיק, — ער זיצט אוואַדע אין גאַניידן, ווי אַלע צאַדיקים. (ער קוקט ר' מוישען אין פּאָנעם ארײַן און זאָגט צו זיך אין דער שטיל) אָ־וואַ! איך האָב פריִער גאָרנישט אכטונג געגעבן — ער מוז עפּעס האָבן א מעליגנע אין קאָפּ! איך האָב מיך באַלד געכידעשט, פארוואָס ער אירצט מיך נישט. (הויך צו ר' מוישען) ר' מוישע! זאָגט נאָר, איר מוזט עפּעס נישט זײַן בעקאָוו־האַבריִע, וואָס פעלט אײַך, וואָס? זענט איר עפּעס שלאָף?



ר' מוישע (קומט אביסל צו זיך): א, ר' יויכענען! אוי! — יאָ — יאָ — איך בין כאָרעוו.

ר' יויכענען: וואָס פעלט אײַך, מײַן ליבער ר' מוישע?

ר' מוישע (שלאָגט זיך אין הארצן ארײַן): אוי! דאָ, דאָ ליגט דער הונט פארגראָבן.

ר' יויכענען: נו, קומט מײַן שמוע אפיר, פארוואָס שיקט איר אײַך נישט נאָך א דאָקטער?

ר' מוישע (קרעכצט): אוי, ניין, ניטע, ניטע, לאָזט געמאך, איך בין גאַנץ געזונט, עס פעלט מיר גאָרנישט. (ער וויל זיך אופשטעלן און קען נישט) נאָר יאָ — זענט איר שוין לאַנג דאָ בא מיר אין שטוב? אוי, איך ציטער, ווי א פיש, נישט וואָר? איך בין זייער קראַנק, זייער קראַנק, איך גיי קוים ארום — די דײַגעס, דײַגעס לאָזן מיך נישט רוען.

ר' יויכענען: וואָס? דײַגעס? איר האָט אויך דײַגעס? אָט דאָס איז שיין! נאָר, קומט מײַן שמוע אפיר, איינער זאָרגט זיך פאר א קוגל, און דער אנדערער פאר א גאַנצן טשאָלנט. מיילע, בישליימע איך, איך זאָרג מיך — נו, בין איך דאָך דערופֿ, ווי איינער רעדט, א געמיינער מענטש! אמאָל האָב איך יאָ אפ שאַבעס און אמאָל נישט, — אָבער איר? איר זענט דאָך, אָן אײַנהאָרע, א גרויסער נאָגיד ביז הונדערט און צוואָנציק יאָר, האָט נישט מער ווי א באַסיעכידעלע, זייער א קאָשער טעכטערל, גוט און פרום און, כלעבן, שיין אויך, קומט מײַן שמוע אפיר — זי האָט געהאַט נאָך עמעצן צו געראָטן — א שידעך וועט איר, מירצעשעם, אויך אוואַדע מיט איר טון זייער א גוטן, עס איז שוין, כלעבן, צײַט.

ר' מוישע (איז דערווײַל אינגאַנצן צו זיך געקומען): יאָ, איר זענט גערעכט, מײַן ליבער ר' יויכענען! עס איז שוין צײַט — ווער ווייסט, וואָס שפּעטער קען זיך נאָך טון. (ער קוקט ר' יויכענען שטאַרק אין פּאָנעם ארײַן) נישט וואָר? (ער פּאָרשט אים) איך בעט אײַך, איר זאָלט מיר געזונט זײַן, זענט איר שוין לאַנג דאָ בא מיר אין שטוב? איך זאָג אײַך דעם עמעס, איך בין עפּעס נישט באַם גאַנצן געזונט; זײַט א פּאָר וואָכן קען איך אַלץ נישט ווייסן, וואָס עס פעלט מיר, איך קען קיין נאַכט נישט שלאָפן און רעד אָפּטמאָל אזעלכע זאַכן, וואָס זענען נישט געשטויגן און נישט געפלויגן. (ער פּאָרשט אים ווידער) איר האָט דאָך דאָ געמוזט אוואַדע הערן, הע?

ר' יויכענען: יאָ, איך האָב טאַקע געהערט, ווי איר האָט מיך געפרעגט, אויב איך קען אײַך. קומט מײַן שמוע אפיר, איר, זאָלט לעבן, קענט מיך דאָך נאָך, ווען איך בין געווען א באַטלען אין קליינעם בעסמעדרעשל. נו, געלויבט צו גאָט פאר דעם, איך בין איצט א שאַדכן, איך פיר אויס די גרעסטע שידוכים — גוט, מע כאַפּט אמאָל א פּאָר קערבלעך! אָט וויל איך, כלעבן, אײַער אַלטעלען אויך רעדן זייער א גוטן שידעך. איך זאָג אײַך, אן אויספּאַל פון א שידעך. איר און אײַער ווײַב, זאָלט לעבן, קענט אים זייער גוט.

ר' מוישע (אין דער שטיל צו זיך): ניין, ניין, ער האָט, געלויבט צו גאָט, גאָר נישט געהערט! (הויך) מײַן ליבער ר' יויכענען! איר ווייסט דאָך, אז איך מיש מיך זייער ווייניק אין זעלכע זאַכן, דאָס קער נאָר צו מײַן ווײַב, זאָל לעבן, איך האָב בא איר גאָר ווייניק־וואָס א דייע צו זאָגן — איר מוזט דאָס נאָר מיט איר אַליין שמועסן. אויב איר ווילט מויכל זײַן און דאָ אביסל וואַרטן, וועל איך אײַך זי דאָ ארײַנשיקן. (ער גייט און באַגעגנט סערקעלען) אָט איז זי דאָ אפן עמעס! (ער זאָגט צו סערקעלען) אָט, ר' יויכענען דאַרף עפּעס צו דיר, מײַן ווײַב. (ער גייט געשווינד אוועק).

# דריטער אַרײַנקום

ר׳ יויכענען, סערקעלע און דערנאָך אַלטעלע

**ר׳ יויכענען**: גאָט־העלף אײַך, סערקעלע!

**סערקעלע**: באָרעך האבאָ, ר׳ יויכענען! וואָס זאָגט איר גוטס? זיצט אַביסל אַנידער. (זי זעצט זיך).

**ר׳ יויכענען** (זעצט זיך): אָט בין איך אַביסל אַריבערגעקומען, מיר זענען דאָך איצט שכיינים, און ס׳אַנדערע, איך האָב געהערט, אַז אײַער מאַן, זאָל לעבן, קלאָגט זיך עפּעס, בין איך אים געקומען מעוואַקער כוילע זײַן.

**סערקעלע**: ווער? מײַן מוישע? אָך איז מיר! וואָס פעלט אײַך אײַן? ער איז, געלויבט צו גאָט, פריש און געזונט! ווער האָט אײַך די ליגנד געזאָגט, ווער?

**ר׳ יויכענען**: איך קען מיך אָסער נישט דערמאַנען, ווער עס איז היינט בא מיר געוועזן און האָט מיר דאָס געזאָגט... (ער וויל זיך קלאָמערשט דערמאַנען) איך קען מיך אָסער נישט דערמאַנען.

**סערקעלע**: אַז זיי זאָלן רעדן אין גרויסע לײַדן, אוי, מײַנע קויכעס! וואָס סאָנים קענען אַלץ אויסטראַכטן! האַלעוואַי העט איך אָן זײַן שאָדן אַזוי געזונט געווען ווי ער.

**ר׳ יויכענען**: נו, קומט מײַן שמועס אַפּיר, זײַט פונמײַנעטוועגן געזונט און פריש, איר זאָלט אײַך עלטערן אין אוישער און אין קאָוועד, איר זאָלט דערלעבן סימכעס און געדולעס אָן אײַער קינד, טאַקע אַזוי ווי עס קומט אָן אײַך.

**סערקעלע**: אָמיין, ליבער גאָט!

**ר׳ יויכענען**: זעט איר, איך האָב דאָ גראָד גערעדט מיט אײַער מאַן פון אַ שידעך פון אײַער אַלטעלעס וועגן, זאָל לעבן. מיילע, אים געפעלט עס זייער, איך זאָג אײַך — ער איז גאָר אַוועק, נאָר ער זאָגט: וואָס מײַן ווײַב, זאָל לעבן, וועט טון, וועט זײַן געטון! כלעבן, אַ נאַכעס צו האָבן אַזוי אַ מאַן. איר זענט דער באַלעבאָס און די באַלעבאָסטע, וואָס איר רעדט, איז גערעדט.

**סערקעלע** (שמייכלט): אויב איך האָב, אָן אײַנהאָרע, באַ אים אַ גוטע דאָליע! און ווידערום, פאַרדינ איך עס עפּשער נישט? ער, אומשטיינס געזאָגט, איז דאָך טאַקע, צווישן אונדז געשמועסט, אַ גרויסער שלימעזאַלניק; קוקט אים נאָר אָן, אויב עס העט עמעץ פאַר זײַן גאַנצ לײַב און לעבן געוואָלט געבן כאָטש צען קרײַצער, ער טויג דאָך טאַקע צו גאָרנישט. איך זאָג אײַך, טאַקע צו גאָרנישט. ווער טוט אַלץ? ווער האָרעוועט? ווער שנײַדט קריִע? אוי, מײַנע קויכעס! ווער אַרבעט נעבעך אַזוי שווער און ביטער ווי איך?

**ר׳ יויכענען**: אַוואַדע זענט איר גערעכט! אָט דאַרף מען אַ קינד אויסצוגעבן, פאַרלאָזט ער זיך אינגאַנצן אויף אײַך, און, קומט מײַן שמועס אַפּיר, איך בין דאָך אויך קיין נאַר נישט, איר וועט מירצעשעם טנאָים שרײַבן און כאַסענע מאַכן אָן אים אויך.

**סערקעלע**: עס איז, כלעבן, עמעס, וואָס שמועסט איר דאָ? נאָר לאָמיך כאָטש נאָך הערן, ווער דער כאָסן איז — עפּשער גאָר אַ סטודענט?



**ר׳ יויכענען**: ע, וואָס! אײַך וועל איך פּלוצלינג רעדן מיט אַ סטודענט? שטייט דאָס אײַך אָן? אַזוי אַ מעיוכעסעס? אַזוי אַ נעגידע? גייט שוין, גייט, אַזוי אַ קלוגע יידענע ווי איר זענט זאָל מיך קענען כוישעד זײַן, אַז איך וועל אײַער קאָשער קינד רעדן מיט אַ סטודענט? (ער שפּײַט אויס אַזויווי אין קאַס) פּי, נאַ! מיר דאַכט זיך, קומט מײַן שמועס אַפּיר, אַז איך בין אויך נישט ערשט פון דעם איי אַרויסגעקראָכן און ווייס גאַנץ גוט, אַז דער שענקער דאַרף זײַן ווײַן, און דער שפּינער זײַן פלאַקס — נו, וועל איך אײַער קינד רעדן מיט אַ סטודענט? זעט איר, איך — איך שלאָג אײַך אָן אַ שידעך, וואָס ער איז אַ קינצלעכע זאַך אויף דער וועלט, און איר מעגט מיר בענעמאָנעס גלייבן, אַז ער איז אַוואַדע מין האַשאָמאַיִם.

**סערקעלע**: נו יאָ, ווער איז ער אָבער, ווער? איז ער עפּעס פון שיינע לײַט? איז ער אַן אוישער? איז ער עפּעס אַ שיין פאַרשווינדל? אוי, מײַנע קויכעס! האָט ער געלט, הע?

**ר׳ יויכענען**: אויב ער איז פון שיינע לײַט? ער קומט דאָך דאָס אַרויס פון געדוילע האַדאָר. מיילע, פון מוטערס צאַד — איז ער דאָך דער ערשטער מעיוכעס, זי האָט זיך דאָך אָנגעקערט מיט דעם גרויסן רעבע ר׳ זאַלמענען פון איין זײַט, און פון דער אַנדערער זײַט, איז זי דאָך געווען אײַנגעטונקט אין ייִכעס, און ווער שמועסט זײַן פאָטערס מישפּאָכע — האָט דאָך טאַקע געשוויבלט און געגריבלט פון ראַבאָנים. קורץ, וואָס האָב איך אײַך דאָ אַסאַך צו זאָגן, קומט מײַן שמועס אַפּיר — פון זאָגן ווערט מען נישט טראָגן — זײַן ייִכעס־בריוו גייט ביז אין די אַלטע צײַטן, דעהײַנע, מאָלט אײַך, ביז צו איילי האַקויהען, פאַרשטייט איר מיך שוין?

**סערקעלע** (שאָקלט מיטן קאָפּ און כידעשט זיך): פּאָשעט?! טאַקע ביז צום הייליקן קויהען?

**ר׳ יויכענען**: אויב ער האָט געלט? האַלעוואַי אויף אַלע ייִדן געזאָגט, מײַן אייגנס זאָל איך האָבן, וואָס ער באַדאַרף, איך וויל נישט זאָגן, אין אַ יאָר. קומט מײַן שמועס אַפּיר, אַז מע ווײַזט אַ הונט אַ פינגער, וויל ער די גאַנצע האַנט — איך ווינטש מיר נאָר צו פאַרמאָגן, וואָס עס גייט אים אַוועק אין איין כוידעש! ער איז דאָך טאַקע גאָר אַ סראָרע, ער לעבט זיך דאָך ווי אַ גוויר און איז דאָך דאָס דער גרויסער סויכער אויך, ער האַנדלט דאָך מיט דער גאַנצער וועלט.

**אַלטעלע** (עפנט גאַנץ שטיל אויף די טיר, זיי זאָלן נישט הערן, און האָרכט אונטער, וואָס זיי שמועסן).

**סערקעלע**: זאָגט־זשע מיר נאָר, ווער איז דער כאָסן? עפּשער קען איך אים?

**ר׳ יויכענען**: איר קאָנט אים גאַנץ גוט, ער איז באַ אײַך גאָר אַ בען־באַיִס, ער הייסט — ר׳ גאַווריִעלכע הענדלער! נו? וואָס זאָגט איר, ווייס איך מיט וועמען אײַך צו רעדן, הע?

**סערקעלע**: ר׳ גאַווריִעל הענדלער! יאָ, איך קען אים גאַנץ גוט, ער קומט טאַקע אַלע טאָג צו מיר, אָך! ער איז ערשט היינט דאָ געווען.

**ר׳ יויכענען**: נו, אַדעראַבע, ווי געפעלט ער אײַך? איז דאָס נישט זייער אַ גלײַכער שידעך? מיר דאַכט זיך, אַז עס קען שוין גאָר קיין גלײַכערער שידעך אויף דער וועלט נישט זײַן, ווי דער איז.

**סערקעלע**: נו יאָ, איך זאָג אײַך דעם עמעס, קיין שלעכטער שידעך איז עס נישט, אוי, מײַנע קויכעס! ער געפעלט מיר אַפילע, ער איז גאָר קיין כײַעס נישט, נאָר —

ר׳ יויכענע (פּאַלט איר אין די רייד אַרײַן): נו, וואָס נאָך ווילט איר? אַז ער געפעלט נאָר אײַך, וועמענע דאַרפט איר נאָך צו פרעגן? איך זאָג אײַך, אײַער מאַן, זאָל לעבן, איז דער שידעך זייער געפעלן, וואָס טײַטש! ווי איך האָב אים נאָר אָנגעשלאָגן, איז ער נאָר אויסגעגאַנגען. גלייבט מיר, ער איז גאָר אוועקגעוועזן.

אַלטעלע (אין דער שטיל צו זיך): הונדערט אונד צוואַנציג יאַהרע זאָל ער פאָר דאַס לעבען!

סערקעלע: יאָ, ווער ווייסט, וואָס מײַן באַסיעכידע וועט דערצו זאָגן, אויב ער וועט אַלטעלען געפעלן?

אַלטעלע (אין דער שטיל צו זיך): איינעם קראַנקען פרעגט מאַן... (זי עפנט אויף די טיר און מאַכט זי ווידער צו, גלײַך זי העט ערשט געוועזן אַרײַנגעקומען, און לויפט צו צו סערקעלען) מאַמעניו, האַסט דו ניכט די שליסעלעך גענאָמען?

סערקעלע: וואָס טײַטש, מײַן האַרץ! דו גייסט דאָך אין זיי אָנגעהאָנגען! אָט א דאָס איז שיין — רײַטסט אָפּ דעם פערד און זוכסט עס.

ר׳ יויכענע: דאָס איז דאָך, דאַכט זיך מיר, אײַער אַלטעלע, זאָל לעבן? (ער באַקוקט אַלטעלען פון אויבן ביז אַראָפּ) נו, כלעבן, זייער א פײַן מיידל געוואָרן, קומט מײַן שמוע אפיר — אויס קינדער ווערן לײַט. נו, מײַן קינד, ווילסטו שוין א כאָסן?

אַלטעלע (שעמט זיך קלאָמערשט): לאַסט מיך דאָרט געהן מיט א ברייטיגאַם.

סערקעלע (לאַכט און ווינקט צו ר׳ יויכענען): אָט גלוסט זיך אײַך דאָ עפּעס, דאָטשעפּעט נאָר דאָ מיט איר, וועט זי אײַך דאָ געבן פאַר ס׳אײַריקע.

ר׳ יויכענע (שמייכלט): וואָס ביסטו דאָס אַזוי בייז אָפּ מיר, מײַן לעבן? ווײַל איך וויל דיר געבן א שיינעם כאָסן, הע?

אַלטעלע (קוקט אָן סערקעלען און לאַכט).

סערקעלע: נו, פאַרוואָס ענטפערסטו נישט? ביסט שטום, הע?

אַלטעלע: ווייס איך? וואָס זאָל מיר איין ברייטיגאַם? איך ברויך נאָך קיינען.

ר׳ יויכענע: רעד־זשע נישט ווי קיין קינד, מײַן לעבן, וואָרן איך האָב פײַנט, אַז מע רעדט נאַרישקײַט! וואָס טײַטש, וואָס עס טויג דיר א כאָסן? קומט מײַן שמוע אפיר, דו ביסט דאָך שוין, אָן אײַנהאָרע, אַלט...

סערקעלע (פּאַלט אים אין די רייד אַרײַן): דרײַצן יאָר, זי זאָל לעבן און געזונט זײַן.

ר׳ יויכענע: נו, זאָג־זשע, כלעבן! איך האָב זייער א פײַנעם כאָסן פון־דײַנעטוועגן, ער וועט דיר געפעלן.

אַלטעלע: געפעלט ער נאָר דער מאַמעניו, וועט ער מיר אויך געפעלן. (זי וויל קלאָמערשט אוועקלויפן).

ר׳ יויכענע (כאַפּט זי אָן בא דער האַנט): נו, וואָס אַנטלויפסטו? קום נאָר אַהער, פאַר מיר האָט נישט אופזיך, אָסער. זעסטו, אַז דו רעדסט ווי א קלוג מיידל, האָב איך דיך גאַנץ ליב. גלייב מיר, איך רעד דיר א כאָסן זייער א שיינעם פאַרשוין, א גרויסער פײַנע־בעריע, אַן אַדיר שעבאַדירים, ער האָט זײַן אייגנס אַסאַך, טאַקע אַסאַך געלט, ער איז זייער גוט און פרום, ער פירט זיך, ווי גאָט געבאָטן האָט — און דו, מײַן קרוינעשי, קענסט אים אויך.

אַלטעלע: איך? איך קאַן איהם אויך?



סערקעלע: יאָ, דו קענסט אים, מײַן האַרץ! דו קענסט אים זייער גוט — קענסטו ר׳ גאַוורי׳על הענדלער?

אַלטעלע (שעמט זיך קלאָמערשט): נו יא, איך קאַן איהם, איך האַב איהם היר בײַ דיר אַמאַהל געזעהען.

ר׳ יויכענע: נו, ווילסטו אים פאַר א כאָסן?

אַלטעלע (לאַכט): איך האַב יא שוין איין מאַהל געזאַגט: ווען ער געפעלט דער מאַמעניו, ווירד ער מיר געוויס אויך שוין געפעלען. (זי לויפט אוועק).

## פערטער אַרײַנקום

סערקעלע, ר׳ יויכענע

סערקעלע: אַזוי איז אַלץ אינײַנעם, אַלע פאַרלאָזן זיך נאָר אָפּ מיר: מײַן מאַן און מײַן טאָכטער, אַלע נאָר אָפּ מיר. גלייבט מיר, גלייבט מיר, עס איז איבער מײַנע קויכעס אַלץ אָפּ מיר צו נעמען.

ר׳ יויכענע: נו, קומט מײַן שמוע אפיר, אָפּ וועמען דען זאָלן זיי זיך פאַרלאָזן, אַז נישט אָפּ אײַך?

סערקעלע: ע! וואָס ווייסט איר, מײַן ליבער ר׳ יויכענע! א גאַנצע לעכע טאָג הערט מען דאָך מער נישט נאָר: „גיי צו מײַן ווײַב, גיי צו דער מאַמעניו, גיי צו דער מומען, גיי צו דער באַלעבאָסטע, גיי צו סערקעלען!״ איך ווייס נישט — מע זאָל טאַקע זײַן אויס אײַזן, העט מען עס אויך נישט געקענט אויסהאַלטן, אוי, מײַנע קויכעס! כוצדעם אַלעם אָבער, אַז עס קומט נאָך דער פאַרפינצטערטער דאָנערשטיק, אַז די אָרעמעלײַט הייבן זיך אָן צו שיטן, איך זאָג אײַך, די טיר רוט נישט, און דאָס מויל טוט שוין טאַקע איינעם ווייַ אַיטלעכן באַזונדער צו זאָגן: „האָט נישט פאַריבל, גייט געזונטערהייט״. מע האָט גענוג פון זײַנע אָרעמע קרויווים. אָט ליגט איבער מיר א גרויסע מויד, וואָס טויג אָסער נישט א הונט אויס דער גרוב אַרויסצוטרײַבן, און עסט מיר אָפּ די ביינער, דער שוואַרצער יאָר ווייסט פאַר וואָס און פאַר ווען, גלײַך זי העט מיר עפּעס אין דער כעוורוסע אַרײַנגעגעבן, אוי וויי, מײַנע קויכעס!

ר׳ יויכענע: וועמען מיינט איר דאָס, וועמען?

סערקעלע: וואָס טײַטש! הינדע, מײַן דאָווידס טעכטערל, אומשטיינס געזאָגט: וואָס די קאָסט מיך שוין.

ר׳ יויכענע: און וואָס זי וועט אײַך ערשט אַמאָל נאָך קאָסטן! אוואַדע זענט איר זייער גערעכט, וואָרן, קומט מײַן שמוע אפיר, קיין ייִדיש קלויסטער איז דאָך נישטאָ, מיילע, וועט איר דאָך איר מוזן אַמאָל כאַסענע מאַכן אויך.

סערקעלע: ווער? איך? אָך איז מיר! פאַר וואָס? פאַר ווען? און אַז איך זאָל טאַקע ויסן, אַז זי וועט פאַרזיצן ביז צום גרויען צאָפּ, גייט מיך אָסער אויך גאָרנישט אָן, אוי, מײַנע קויכעס! וואָס איז דאָס עפּעס — קראַנק איז זי? לאָז זי זיך שטעלן ערגעץ דינען.

ר׳ יויכענע: אוי! וואָס רעדט איר! איר זענט דאָך פאָרט, ביז הונדערט און צוואַנציק יאָר, א גרויסע נעגידע, און זי איז דאָך אײַער ברודערס אײנציקע טאָכטער! כלעבן, עס שיקט זיך נישט פאַר לײַט; וואָס וועלן מענטשן רעדן?

ס ע ר ק ע ל ע: וואָס מיינט איר, איך וועל מיך עפּעס שעמען? זאָל מיך גאָט שטראָפֿן אַף מײַנע יונגע יאָר, אויב עס וועט מיך כאָטש גאָר עפּעס אָנגיין. מיילע, לאָמיר נאָר קלערן, צו קיין שידעך מיט מײַן אַלטע־לעבן קען עס מיר נישט שאטן, וואָרן אַז איך וועל אַ קינד נאָכגעבן אכט הונדערט זילבערנע קערבלעך, און צירונג און קליידער, גרעט און בעטגעוואנט, הײַנט אנדער אויסריכטונג און קעסט, כוץ קליינע מאַטאָנעס און שאַריעראָקעס, וויל איך דאָך איר טאקע נאָכגעבן, דיר נישט — מיר נישט, אַ גאנצן אוישער; און פֿון ייִכעס דאַרף איך דאָך אײַך נישט ערשט צו דערציילן, ווער איך בין, אוי, מײַנע קיכעס! נו, זאָגט זשע, איר זאָלט מיר געזונט זײַן, וואָס קען מיר דאָס שאטן, אַז די וועלט וועט יאָ וויסן, אַז הינדע דינט צווישן לײַט?

ר׳ י ו י כ ע נ ע ן: דאָס זענט איר עפּשער אויך גערעכט, וואָרן, קומט מײַן שמוע אַפּיר, נישט אַלע מענטשן קענען האָבן איינע דייע, און עס ווייסט קיינער נישט, וועמען דער שוך קוועטשט, נאָר דער, וואָס גייט אין אים. איטלעכער רעדט זיך אײַן, נאָר ער ווייסט, וואָס ער טוט. נאָר זאָגט מיר נאָר, סערקעלע, וואָס איז דאָס: נאָר אכט הונדערט קערבלעך ווילט איר אײַער קינד נאָכגעבן?

ס ע ר ק ע ל ע: וואָס? עפּשער איז עס ווייניק? איך ווייס נישט, מע מוז שטרעקן נאָך די עקן — מיר דאַכט זיך, איך גיב איבער מײַנע קיכעס. הײַנטיקע צײַטן, ווער גיט דען אַ קינד מער נאָך?

ר׳ י ו י כ ע נ ע ן: אוי, האָט מיר נישט פֿאַריבל, ווער עס גיט מער נאָך? כלעבן, איר זענט אַזוי אַ נסגידע, ווי שיפֿרע באַלבאַן, און זי גיט נאָך דעם מיידל פֿופֿצן הונדערט קערבלעך; און צווישן אונדז געשמועסט, כאָטש איך בין געווען דער שאדכן, מיט וועמען האָט זי געטון? מיט אַ פּאַרך.

ס ע ר ק ע ל ע: ווער? שיפֿרע די קאַפּצנטע וויל נאָכגעבן פֿופֿצן הונדערט קערבלעך? (זי לאַכט קלאָמערשט) האַ־האַ־האַ, איך מוז שוין לאַכן פֿאַר צאָרעס, אוי, מײַנע קיכעס! האָט זי דען מעסאַלעק צו זײַן? איך ווייס ניט, לײַט זענען שוין אַזוי: טוען שידוכים, זאָגן צו גילדענע בערג, מאַכן אײַזערנע קסאָווים, און אַז עס קומט צום סילעק, איז נישטאָ קיינער אינדערהיים.

ר׳ י ו י כ ע נ ע ן: ע, וואָס רעדט איר? שיפֿרע באַלבאַן איז אַ גרויסע אשירעס, זי האָט דאָך ערשט מעיאַטער געווען זייער אַסאַך געלט אָן אַ ליוורונג, און דער מאַן אירער האָט דאָך פֿאַר אַ וואָך צוויי געוווּנען אַף דער לאָטעריע זעכצן טויזנט רייניש מינץ.

ס ע ר ק ע ל ע (גיט זיך אַ שטעל אויף): וואָס? שיפֿרע?! זעכצן טויזנט רייניש מינץ? עס איז שוין אין דער וועלט אַזוי, אומשטיינס געזאָגט — אָן דעם ערגסטן הונט קומט דער בעסטער ביין, אוי, מײַנע קיכעס! שיפֿרע באַלבאַן! זעכצן טויזנט רייניש מינץ? אַ רוּעך אין איר טאַטן אַרײַן.

ר׳ י ו י כ ע נ ע ן: מיילע, וואָס טויג מיר דאָס, וואָס שמועסט איר דאָ פֿון אכט הונדערט קערבלעך? נאָר, קומט מײַן שמוע אַפּיר, איר וועט אײַך שוין לאָזן מאַטערגיידער זײַן, איר וועט שוין בעסער ווערן, לאָז נאָר עפּעס קומען דערצו.

ס ע ר ק ע ל ע: וויפֿל האָט ער דען זײַן אייגנס, הע?

ר׳ י ו י כ ע נ ע ן: ער? וואָס טײַטש? זײַן גאנץ פֿאַרמעגן; ער איז דאָך דאָס טאַקע אַ גרויסער נאָגיד, ער פֿאַרמאָגט, כלעבן, אַסאַך מער, כאָטש מע שאַצט אים נאָר



פֿאַר צוויי טויזנט רייניש מינץ. איך ווייס דאָס גאנץ גוט, איך אַליין האָב באַ נ׳אים געזען אַ גאנצן פּאַק מיט באַנק־צעטל. איך זאָג אײַך, איך בין גאָר טויט געוואָרן, ווי איך האָב אים דערזען. און ווער שמועסט פֿון זײַן בעריעשקײַט אין סויכערײַ? אַ קאַטאָוועס אײַנבערענגער איז ער דאָס? וואָס דער מענטש האַנדלט אַלץ איבער! ער איז דאָך, אָן אײַנהאָרע, טאַקע אַ גאנצער באַלעבאָס.

ס ע ר ק ע ל ע: גלייבט מיר, מײַן ליבער ר׳ יויכענען, אַז עס גייט מיר נאָר אין דעם איינעם, וואָס מײַן אַלטע־לעבן, זאָל מיר שטאַרק און געזונט זײַן, וועט נישט דאַרפֿן צו קומען צו שווער און שוויגער אין הויז אַרײַן און וועט נישט דאַרפֿן צו האָבן צוואַנציק אופֿזעערס איבער זיך; אָבער ווײַטער ווייס איך נישט, וואָס פֿאַר אַ גרויסע מעציִע מע כאַפּט דאָ אָן אים. קיין געלט זעט מען פֿאָרט נישט באַ אים זיך אַרומוואַלגערן. איך זע דאָך — אַז ער דאַרף אַמאָל געלט, קומט ער דאָך ערשט צו מיר לײַען.

ר׳ י ו י כ ע נ ע ן: נו, קומט מײַן שמוע אַפּיר, און וועלכער סויכער איז דאָס נישט אַמאָל אין האַנדל פֿאַרשטעקט און איז געצוווּנגען זיך צו לײַען. נאָר איר קענט דאָך אײַך אָבער הייסן טייקעף באַ די טנאָיִם דעם סילעק באַלייגן.

ס ע ר ק ע ל ע: זעט איר, אָט אַ דאָס איז עפּעס אַנדערשט, אַזוי זענט איר שוין ווידער גערעכט. אַז ער וועט באַלד צו די טנאָיִם מעסאַלעק זײַן — יאָ, אַזוי באַשטיי איך, און, ווי זאָגט איר, אַז עס וועט קומען צום שרײַבן, וועל איך מיך עפּשער נאָך לאָזן בייגן אַף אַ צוויי הונדערט קערבלעך.

ר׳ י ו י כ ע נ ע ן: איך ווייס פֿיל, איר זאָגט טויזנט, און איך זאָג צוועלף הונדערט, קומט מײַן שמוע אַפּיר, פֿון געלט וועגן גייט קיין שידעך נישט אָפּ. הונדערט קערבלעך אַרויף, הונדערט קערבלעך אַראָפּ — עס וועט רעכט זײַן, נאָר איין זאַך העט איך נאָך גערן.

ס ע ר ק ע ל ע: וואָס איז דאָס, וואָס?

ר׳ י ו י כ ע נ ע ן. איך העט נאָך גערן געזען, אַז די כאָסן־קאַלע זאָלן זיך ערגעץ נאָך פֿאַר די טנאָיִם צונאַנדקומען און זאָלן זיך אַביסל דערקענען און שמועסן צווישן זיך.

ס ע ר ק ע ל ע: ווייסט איר וואָס? איך וועל אים הײַנט שיקן צו מיר פֿאַרבעטן אַף אַן אָנבײַסן — ער קומט דאָך אָנדאָס אַלע טאָג צו מיר, און באַם עסן קען מען אַלץ אָפּשמועסן; און טייקעף הײַנט באַנאַכט קענען זײַן די טנאָיִם, וואָרן, כלעבן, איך האָב אַליין זייער פֿײַנט, אַז עס שלעפּט זיך אַ זאַך אין די לאַנגע יאָרן אַרײַן.

ר׳ י ו י כ ע נ ע ן: פֿאַרשטייט זיך, זענט איר זייער גערעכט, וואָרן איינס — מע קען אים דערווײַל אויסכאַפּן, ער שטייט דאָך עפּשער נאָך אין צוואַנציק שידוכים, נאָר אָפּצוטון, און ס׳אַנדערע, קומט מײַן שמוע אַפּיר — דער מענטש לעבט דאָך נישט אייביק.

ס ע ר ק ע ל ע: נו, עס בלײַבט שוין באַ דעם.

ר׳ י ו י כ ע נ ע ן: איך וועל נאָך האָבן מיט אים אויך געגוג צו טון, גלייבט מיר, עס וועלן מיר נאָך גרינגע ווערים אָפּגיין, איידער איך וועל נאָך מיט אים פֿאַרטיק ווערן; נאָר איך בין דאָך, ווי איינער רעדט, דערויף אַ שאדכן. (ער שטעלט זיך אויף) נו, ווײַטער, קומט מײַן שמוע אַפּיר, האָט מיר אַ גוטן טאָג און זײַט געזונט.

ס ע ר ק ע ל ע: גייט מיר געזונטערהייט, און זײַט קיין גאַסט נישט.

ר׳ י ו י כ ע נ ע ן (גייט אוועק, סערקעלע באַלייט אים ביז צו דער טיר).

## פינפטער אַרײַנקום

סערקעלע (אַלײן)

**סערקעלע**: ווײס איך! עפּשער איז אַזוי רעכט. מע קענ דאָך נישט װיסנ, חי א זאַך פאַלט אויס, אָבער לײסאַטע איז עס גאָר קײנ כײַעס נישט — אנ אוישער איז ער, דאָס איז עמעס, ער האָט עטלעכע גילדנ. אַלטעלע זאָל נאָר קלוג זײַנ אונ זאָל נאָר װיסנ, װי מיט אים צו גײנ. זי זאָל זיך נאָר באַלד פונ טכילעס אָנ שטעלנ בא דער אַלעפ אונ זיך נישט לאָזנ אפּנ קאָפּ אַרומדרײַטנ, װי איך האָב מײַנ מוישענ געטונ, װעט זי מירצעשעם טאַקע האָבנ בא אים א גוטע דאָליע. דעם סילעק מוז איך זענ, ער זאָל דײַקע נאָר בא מיר אײַנגעלײגט װערנ. נו, אונ א שײנער יונג איז ער דאָך טאַקע אונ נישט פונ דער פאַרצײַטיקערישער װעלט אויך. (זי באַקוקט זיך קעגנ דעם שפּיגל) הע? װאָס באַדאַרפ איך מער? (זי בלײַבט אביסל שטיל אונ טראַכט נאָך) העט שוינ נאָר מײַנ מוישע געװאָלט אביסל אינ װאַרעמבאָד אַרײַנ פאָרנ. איך װײס אָסער שוינ נישט, װאָס איך זאָל טונ מיט אים? ער שלאָפט דאָך גאַנצע נעכט נישט, נאָר גײט אַלץ אַרום אונ רעדט צו זיך אַלײנ, װי אנ אָנגעבונדענער. א מאַראָכע, כלעבנ, אַז עס הערט כאָטש קײנער נישט. דער שװאַרצער יאָר װײסט, װאָס ער דערמאָנט זיך אַלץ אָנ אַלטע מײַסעס. (זי שװײַגט אביסל שטיל) איך, זאָגט ער, בינ שולדיק אָנ דער גאַנצער מײַסע! איך װײס נישט, װער עס פרעגט אים? האָסטו נישט געקענט שמעקנ קײנ פּולװער, העסטו נישט געזאָלט גײנ אינ דער מילכאָמע אַרײַנ. (זי גיט מיט דעם פוס א קלאַפּ אָנ דער ערד) אנ עק! אָפּגעטונ אונ פאַרפאַלנ — װער קענ מיך דאָס איצט פרעגנ, װו איך האָב אַזויפיל געלט גענומענ? װער קענ אפילע אינ הונדערט יאָר אַרום געװאָר װערנ, אַז די גאַנצע צאַװאָע איז גאָר ליגנד? — געשטאָרבנ, באַגראָבנ. העט איך עס נישט געװוּענ געטונ, העט, כלעבנ, נאָך אנ אַנדערער אפּ דעם סײכל געקומענ, אונ װאָס העט געװוּענ? איך העט געװוּענ מיט מײַנ מאַנ אונ קינד געשטאָרבנ פאַר הונגער אונ נאָך געמוזט צוזענ, װי אַנדערע פּאָזיִענ מײַנ גילדענעם ברודערס פראַצע, װאָס ער האָט נעבעך אַזוי שװער אונ ביטער דערופּ געאַרבעט אונ קריִע געריסנ. אונ ס'אַנדערע, איך װײס, ער זאָל אפילע לעבנ, װאָלט ער אויך אָסער גאָרנישט בײז געװוּענ איבער דער גאַנצער מײַסע, װאָרנ איז דענ נאָך גאָר פאַרהאַנדנ א נענטערע קרויװע, װי א שװעסטער? (זי בלײַבט שטיל אונ טראַכט) די קאַשע איז נאָר, אויב ער איז געשטאָרבנ? (זי שװײַגט װידער אונ טראַכט — דערנאָך גיט זי זיך א כאַפּ) נאָר װאָס האָב איך דאָ אומזיסט צו איבערטראַכטנ? ר' שמועל שרײַבער האָט דאָך אַלײנ דערמאָנט אינ די נײַצײַטונג געלײענט, אַז די שיפּ — איך געדענק נישט, װי ער האָט זי עפּעס אָנגערופנ — װאָס דאָװיד האָט זיך אפּ איר אַראָפּגעלאָזט קײנ אַמעריקע, איז גאָר אונטערגעגאַנגענ. (זי דערזעט כאַימענ פונװײַטנ) אהא! װער קומט דאָס דאָרט? אהא! כאַיִמ! דעם נאַר איז אויך נאָר גוט צו שיקנ נאָך דעם מאַלכאַמאָװעס.

## זעקסטער אַרײַנקום

סערקעלע, כאַיִמ

**סערקעלע**: נו? װאָס האָט ער געזאָגט, רעדלעכ? װעט ער קומענ? אוי, מײַנע קױכעס! האָסטו אים געזאָגט, אַז איך בינ שלאַפּ?



**כאַיִמ**: אויב איך האָב אים געזאָגט! װאָס העלפט דאָס אָבער — אַז מע דאַרפ דעם פאַרכ צום מיניענ, האַלט ער זיך דערונטער.

**סערקעלע**: װאָס? ער װיל נישט קומענ?

**כאַיִמ**: ער האָט געזאָגט, אַז ער קענ אײַך אפּ אײַער שלאַפקײַט נישט קורירנ, אויך מיר א דאָקטער! גײט שוינ אַזוי לאַנג אינ די שקאָלעס אַרײַנ אונ קאָנ נאָך גאָרנישט.

**סערקעלע**: אָבער קומענ װעט ער פאָרט? נישט װאָר?

**כאַיִמ**: אָסער! ער װעט נישט קומענ, ער האָט געזאָגט, ער װיל נישט קומענ, איך זאָל אײַך שיקנ רופנ אנ אַנדערנ, — זעט איר, באַלעבאָסטע־לעבנ, אָט א דאָ דעריבער בא ר' פישלענ װוינט דער אַלטער דאָקטער — איטלעכער זאָגט אפּ אים, אַז ער איז זײער א גרויסער מומכע, האָב איך אײַנײַנװעגס דאָרט בא אים אָפּגעטראָטנ אונ האָב אים געזאָגט, אַז איר האָט אים געלאָזט זײער שײנ בעטנ, אַז ער זאָל טײקעפּ צו אײַך אַריבערקומענ — איר קלאָגט אײַך עפּעס; האָט ער געזאָגט, ער װעט טײקעפּ אַריבערקומענ. האָב איך עפּעס רעכט געטונ?

**סערקעלע**: װאָס? דעם אַלטנ שקראַפּ? גײ צו אַלדי שװאַרצע יאָר מיט אים, איך באַדאַרפ אײַך בײדע אפּ קאַפּאָרעס! װער האָט דיך געבעטנ דרום, אַז דו זאָלסט דעם שקראַפּ רופנ, הע?

**כאַיִמ**: װײס איך? איך האָב געמײנט, א דאָקטער איז א דאָקטער — זאָל איך װיסנ, אַז איר האָט אײַך פאַרליבט נאָר אָנ דעם רעדלעכנ?

**סערקעלע**: װאָס? פאַרליבט האָב איך מיך אָנ רעדלעכנ? דו גאַנעװ! א רוּעכ אינ דײַנ טאַטנ אַרײַנ! איך האָב מיך פאַרליבט אָנ רעדלעכנ? דאָס הײסט אנ אכבעראָש! א מאַראָכע, כלעבנ, עס הערט כאָטש קײנער נישט מײַנע צאָרעס! װאַרט, װעסט דיר שוינ א קריִע רײַסנ נאָך דײַנע יאָר אונ דײַנע טאָג, אוי, מײַנע קױכעס!

**כאַיִמ**: זאָג איך דענ, אַז איר האָט אײַך פאַרליבט אָנ אים? עס רעדט זיך דאָך נאָר אַזוי — אַז איר װילט נישט קײנ אַנדערנ נאָר רעדלעכנ, נו...

**סערקעלע** (גיט אים א פאַטש): נא! דאָ האָסטו פאַרליבט, א רוּעכ אינ דײַנ פאָטער אונ מוטער אַרײַנ! טײקעפּ זאָלסטו מיר צוריק לויפנ צו דעם אַלטנ שקראַפּ אונ אים זאָגנ, אַז ער זאָל נישט קומענ. איך באַדאַרפ אים אונ דיך אפּ טישאָנצע קאַפּאָרעס! גײ, זאָג איך!

**כאַיִמ** (כאַפּט זיך אָנ בא דער באַק אונ גײט אונ װײנט): טוט מער נישט א גאַנצע לעכע טאָג נאָר שרײַט אונ שלאָגט, צו דעם האָט זי יאָ קױעכ... (ער גײט אַװעק).

**סערקעלע** (אַלײנ): נאָך גוט, אַז ער האָט מיר פריִער געזאָגט, אַז ער האָט דעם געררופנ. (זי לאַכט זײער) האַ־האַ־האַ! דאָס העט שײנ געװוּענ, דער דאָקטער זאָל זיך דאָ געװוּענ אַזוי אַרײַנקומענ, אונ איך גײ אַרום געזונט װי א ריז! װי געפעלט אײַך אָבער דער גאַלגאַנ, דער רעדלעכ? ער װיל נישט קומענ? ער קענ מיך נישט קורירנ? אַזוי א לײַדעק, װאָס ער קער זיך דאָס נאָך צו האַלטנ פאַר א קאָװעד, אַז איך רופ אים צו מיר! (זי באַקוקט זיך קעגנ דעם שפּיגל) בינ איך דענ נישט עפּשער נאָך זײער א פײַנ װײַבל! װאָס פעלט מיר, װאָס? הע? (זי װערט בײז) איך װעל אים שוינ לערנענ טאַרבוס, דעם פאַרכ! ער קענ מיך נישט קורירנ! װאַרט נאָר, װאַרט, איך װעל דיך שוינ זענ אַזוי צו קורירנ, אַז דו װעסט נישט װיסנ פונ דײַנ לעבנ.

צו זאָגן. אַזוי אַ קאַפּצן! אַזוי אַן אָפּגעריסענער און אָפּגעשליסענער דײַטש! נו, וואָס איז דען דער מער? אַז ער האָט יאָ אַ שיין פּאָנעם, זאָל ער זיך קענען באַפעלן צו מיר: איך זאָל מיר לאָזן רופן אַן אַנדערן? וואַרט, וואַרט, מע קען נאָך קריגן זעלכע שיינע מעציִעס, ווי דו ביסט, אָבער דיר וועל איך עס געדענקען! דיר וועל איך ווײַזן, ווער עלטער איז. (זי שרײַט) כאַוועֶ! כאַוועֶ! אוי, מײַנע קויכעס!

## זיבעטער אַרײַנקום

סערקעלע, כאַוועֶ

**סערקעלע:** הונדערט מאָל מוז איך רופן און שרײַען, איידער זי רירט זיך, די נעווײלע! גיי נאָר אַריבער צו ר׳ גאַווריִעלן און זאָג אים, אַז איך האָב אים זייער שיין געלאָזט בעטן הײַנט צו מיר אַף אַן אָנבײַסן, הערסטו? גיי און זוים זיך גאָרנישט, וואָרן דו וועסט נאָך דאַרפן דרײַערליי געריכטסן צו מאַכן.

**כאַוועֶ:** כלעבן, באַלעבאָסטע־לעבן, איך האָב גאָר קײן צײַט נישט, די יויך וועט מיר דאָ דערווײַל אויסלויפן — שיקט בעסער כאַיִמען.

**סערקעלע:** טאָמיד איז אָבער אַזוי: אַז איך זאָג, זי זאָל גיין, הייסט זי מיך שיקן כאַיִמען. פאַרוואָס האָסטו מוירע צו גיין? ער וועט פון דיר אַ שטיק אָפּבײַסן? קוקט זי נאָר אָן, די לויכנדיקע צאָרע, עס דאַכט זיך איר אויך, אַז זי שײַנט נאָר, די פּאַסקודניצע!

**כאַוועֶ:** נו, זעט איר, בין איך אַ פּאַסקודניצע, וועט ער מיך נישט נעמען פאַר אַ קאַלע — איך בין אים מויכל, דעם ווילן יונג. נאָר זאָגט מיר נאָר, איך בעט אײַך, אַז איך בין יאָ אַזוי אַ פּאַסקודניצע, פאַרוואָס דאָטשעפּעט ער מיך אַלץ, ווען ער גייט דורך דורך דער קיך? אָט אַ דאָס העט מיר נאָך געפעלט, אַז איך זאָל נאָך גאָר צו אים אַהיים גיין!

**סערקעלע:** אָט דאָ קוקסט אָן אַביסל אַ פּיסק פון אַזוי אַ פאַרשיווע מויד! פינצטערע לייד זאָל נאָר די מאַמע אַף דיר זען — ווועמען דען זאָל איך נאָך אים שיקן? אוי, מײַנע קויכעס! איז זשע שוין גאָר דאָס צום אויסהאַלטן? כלעבן, עס איז טאַקע עמעס, וואָס מע זאָגט: אַ מיִעסער מויד טאָר מען קײן געלט נישט געבן, וועסט שוין שפּעטער פאַרשוואַרצט ווערן. זי מיינט, איך האָב אַלץ אַזוי קויעכ מיר דאָס געזונט מיט איר אָפּצורײַסן, אוי וויי, מײַנע קויכעס!

## אַכטער אַרײַנקום

סערקעלע, כאַוועֶ, כאַיִם

**כאַיִם** (בלײַבט שטיין בײַ דער טיר אוןווישט זיך מיט דער פּאָלע די אויגן און וויינט).

**סערקעלע:** נו? ביסטו געוועזן?

**כאַיִם:** יאָ.

**סערקעלע:** נו, וואָס האָט ער דיר געענטפערט?

**כאַיִם:** וויִאַזוי האָט ער מיר געקענט ענטפערן, אַז ער איז נישטאָ אינדערהיים?

**סערקעלע:** ביסטו זשע קראַנק געוועזן דעם מעשאָרעס צו זאָגן?



**כאַיִם:** איך האָב דאָך אים געזאָגט; ער האָט מיר אַפילע געענטפערט, אַז דער דאָקטער איז שוין אַהער געגאַנגען.

**סערקעלע:** וואָס? ער איז שוין אַהער געגאַנגען? (זי ברעכט זיך די הענט און שרײַט מיט קאַס) אוי, פאַרשוואַרצט בין איך געוואָרן! וואָס וועל איך דאָ איצט טון, וואָס וועל איך דאָ איצט אָנהייבן? אַ מיסע־מעשונע זאָלסטו אײַנעמען! וואָס גיט מען זיך דאָ פאַר אַן אייצע? (זי לויפט צום טיש און כאַפּט אַ מעסער און לויפט דערמיט צו כאַיִמען) גיי מיר אויס די אויגן, דו מאַמזער, וואָרן איך מאַך דיר דעם טויט!

**כאַיִם** (אַנטלויפט און באַהאַלט זיך הינטער כאַוועֶן און שרײַט): גוואַלד! אוי וויי מיר! כאַוועֶ־לעבן! גוואַלד!

**כאַוועֶ** (לויפט אַרום אין שטוב, כאַיִם האַלט זיך אָן אָן איר קלייד און לויפט נאָך, סערקעלע יאָגט זיי אַרום).

**כאַיִם און כאַוועֶ** (שרײַען ביידע מיטאַמאָל): גוואַלד! ראַטעוועטס! גוואַלד! (זיי פאַלן ביידע איבער אַ שטול אַף דער ערד).

## נײַנטער אַרײַנקום

ר׳ מוישע, הינדע, אַלטעלע (קומען פון דער טיר, וואָס איז אָן דער רעכטער זײַט). דער דאָקטער (קומט פון דער טיר, וואָס גייט אַף דער גאַס אַרויס). סערקעלע, כאַוועֶ, כאַיִם

**סערקעלע** (פאַלט קלאָמערשט, ווי זי דערזעט זיי אַרײַנקומען, אַף דער קאַנאַפּע אַנידער כאַלאָשעס).

**אַלע** (לויפן צו איר צו און ראַטעווען און רײַסן זי. כאַוועֶ פּאָכט אַף איר מיט דעם פאַרטעך, און כאַיִם מיט ביידע פּאָלעס).

**אַלטעלע** (שרײַט): מאַמעניו! מײַנע צערטלעכע מאַמעניו!

**דער דאָקטער:** זײַט נור רויִק, ווײַנ הער, ווײַנ.

**אַלטעלע:** גלײַך, גלײַך, הער דאָקטער! (זי נייגט זיך צו אים גאַנץ מיט כיין) איך ברינגע גלײַך פּאָם קעלער.

**דער דאָקטער:** לאָסען זי, עס דויערט צו לאַנגע, געבען זי וועניגסטענס קאַלטעס וואַסער אָדער איינ וועניג עסיג הער.

**הינדע** (כאַפּט אַ גלאָז וואַסער און שפּריצט סערקעלען אין פּאָנעם אַרײַן).

**דער דאָקטער:** רעכט זאָ, מײַנ קינד! גוט, רעכט גוט.

**סערקעלע** (קומט קלאָמערשט אַביסל צו זיך און שרײַט): אוי וויי, מײַנע קויכעס!

**הינדע:** געלויבט צו גאָט! זי לעבט! זי לעבט!

**ר׳ מוישע** (אין דער שטיל צו זיך): איך האָב טאָמיד געוווּסט, אַז איר סאָף וועט נישט גוט זײַן, גאָט באָרעכ הו ווייסט, וואָס ער טוט! (הויך צו כאַוועֶן) וואָס איז דאָס דאָ אָבער אַזוינס געווען?

**כאַוועֶ:** איך ווייס אָסער אַליין נישט, עפּעס האָט זי דאָ געהאַט מיט כאַיִמען צו טון, און אין קאַס, ווי איר טעוועלע איז, איז זי צוגעלאָפן צו אים מיט אַ מעסער און האָט געשריגן, זי וויל אים דאַפּקע דעם טויט מאַכן. האָט ער זיך נעבעך געוואָלט הינטער מיר באַהאַלטן, איז זי ווידער צו מיר געלאָפן מיט דעם מעסער אין דער האַנט, האָבן מיר ביידע געוואָלט פאַר איר אַנטלויפן, איז זי פּלוצלינג פאַר קאַס גאָר אַנידערגעפאַלן כאַלאָשעס.

כאַיִם: ע, באַלעבאָס־לעבן! זי ווייסט נישט די מײַסע גאָר פון אָנהייב, איך וועל אײַך דערציילן גאָר אינגאַנצן. זי האָט מיך געשיקט נאָך...

סערקעלע (שרײַט פּלוצלינג זייער הויך): אוי ווי! גאַזלאָנים! שמועסט נישט, וואָרן איך וועל ווידער כאַלעשן!

דער דאָקטער (זיצט נעבן סערקעלען און טאַפּט זי באַם דייפּעק און זאָגט צו זיך אין דער שטיל): דאָס איזט איינע זאָנדערבאַרע[1]) אָהנמאַכט. דער פּולס איזט גאַנץ רעגעלמעסיג. (הויך צו סערקעלען) נון, ווי איזט עס איהנען יעצט? איזט עס איהנען בעסער?

סערקעלע: האַר־לעב! ראַטעוועט מיך! גוואַלד! איך בין פאַרבײַ!

דער דאָקטער: נו, נו, פּירכטען זי ניכטס, עס ווירד שאָן בעסער ווערדען; ברינגט זי נור צו בעטע, זי האַט עטוואַס שעדליכעס עסען אָדער טרינקען מיסען.

אַלטעלע (זאָגט מיט כיין): ניין, הער דאָקטער! צום אָנבײַסען האַט זי נור צוויי גלאַז קאַפע מיט דרײַ פּוטער־געבעקסלעך געגעסען, ווײַטער האַט זי ניקס אין מויל געהאַבט...

הינדע (זאָגט צו אַלטעלען): פריידע־אַלטע־לעבן! גיב מיר די שליסעלעך, וועל איך דער מומעניו אַביסל קעלנישוואַסער געבן.

אַלטעלע (אין דער שטיל צו הינדען מיט קאַס): פרידעריקע ביסטו מיך קראַנק צו רופן? (הויך) איך האַבע וואַרהאַפטיג זעהר ווייניג אונד ברויכע עס הייטע[2]) פיר מיך זעלבסט, דען מײַן ברייטיגאַם זאָל יאַ הייטע היר זײַן.

דער דאָקטער (הייבט זיך אויף פון דער שטול): אַלזאָ, ברינגט זי נור גלײַך צו בעטע, אונד לאַסען זי מיר פעדער אונד פּאַפּיר געבען, עס ווירד שאָן אַלעס גוט ווערדען.

הינדע און כאַווע (זעצן אויף סערקעלען).

סערקעלע (קרעכצט הויך): אוי ווי! אוי ווי! אוי ווי, מײַנע קיכעס!

הינדע און כאַווע (פירן סערקעלען אין איר שלאָפצימער אַרײַן).

כאַיִם (זוכט פּאַפּיר און פעדער).

## צענטער אַרײַנקום

דער דאָקטער, ר׳ מוישע, אַלטעלע, כאַיִם, יעראַכמיִעל

יעראַכמיִעל (קומט דורך דער טיר, וואָס גייט אויף דער גאַס אַרויס מיט אַ בריוול אין דער האַנט, ער נעמט אַראָפּ דעם ספּאָדעק און זאָגט גאַנץ הויך): מײַן באַ־באַ־באַ־באַלעבאָס.

אַלע (ווינקען צו אים, ער זאָל שטיל זײַן).

אַלטעלע (גייט צו יעראַכמיִעלן און זאָגט אים עפּעס בסוד).

כאַיִם (ברענגט צו טראָגן צו דעם דאָקטער פּאַפּיר מיט אַ פעדער).

דער דאָקטער: נון? וואָ איזט דען די דינטע[3])?

כאַיִם: דער האַר האָט דאָך נאָר געזאָגט, אַז מע זאָל ברענגען פעדער מיט פּאַפּיר?

דער דאָקטער: נון, זאָ ברינג אויך די דינטע.

[1]) מאָדנע. [2]) הײַנט. [3]) די טינט. — ר ע ד.



אַלטעלע (באַקוקט זיך קעגן דעם שפּיגל): נאַ, ווי איך אויסזעהע! אַך! מײַנע לאָקען גאַנץ רעזאָנירט[1])! (זי מאַכט זיך די לאָקן קעגן דעם שפּיגל צורעכט) איך האַבע מיך זעהר ערשראָקען.

כאַיִם (ברענגט צו טראָגן אַ טינטאָרן און אַביסל זאַמד אין דער פּאָלע): דאָ האָט דער האַר טינט און פּריזאַמד.

דער דאָקטער: נו, נו, נו, שאָן רעכט. (ער זעצט זיך אַנידער און שרײַבט).

ר׳ מוישע (זיפצט גאַנץ הויך): אוי! האַלעווײַ דער סאָף זאָל גוט זײַן!

דער דאָקטער: אַבער וואַרום זינד זי, מײַן ליבער הער דאַנציגער, זאָ נידער־געשלאַגען? פּירכטען זי נור ניכטס, איהרער פראַוי איזט עס בערייטס[2]) אום פילעס בעסער, עס וואַר נור זאָ איין קליינער היסטערישער אַנפאַל. קענטען זי מיר אַבער ניכט זאַגען, וואַס איהר פאָרהער פּעהלטע, אַלס זי מיך רופען ליס?

ר׳ מוישע: פריִער האָט איר גאָרנישט געפעלט, נאָר זי איז זייער בייז, זייער נישט ווערט, גאָט ווייסט, צו וואָס זי וועט נאָך אַמאָל קומען דורך איר שלעכ־טיקײַט (ער וויינט זייער).

דער דאָקטער: נו, נו, נו, בערוהיגען זי זיך, מײַן ליבער הער דאַנציגער, עס ווירד שאָן אַלעס גוט, רעכט גוט ווערדען. איהר קרעפּטע־צושטאַנד איזט ניכט שלעכט, איך פערזיכערע זי, זי איזט שטאַרק גענוג.

כאַיִם: יאָ, האַר דאָקטער! זי האָט מיר פריִער אַזוי אַ גוטן פּאַטש געגעבן, עס זענען מיר אַזש פונקען פאַר די אויגן געפלויגן!

אַלטעלע (גיט אים אַ שטויס, ער זאָל שווײַגן).

דער דאָקטער (שטייט אויף און גיט ר׳ מוישען די רעצעפּט): שיקען זי דיזעס אין די אַפּאָטעקע, זי בעקאָמען דאַ איין פלעשכען, פאָן דיזעם געבען זי איר אַלע צוויי שטונד צוויי עסלעפעל, אונד ווען דאָס פלעשכען אויסגעברויכט זײַן ווירד, שיקען זי מיך גיטיגסט ווידער רופען. איבעריגענס זאָל זי זיך רעכט וואַרם האַל־טען, אים צימער זיצען, ניכטס אַלס זופּע עסען אונד זיך ניכט מעהר ערגערן אונד שרײַען. נון פיהרען זי מיך נאַך איין מאַהל צו איהר, איך ווערדע איהר עס זעלבסט זאַגען, קאָמען זי. (ער גייט מיט ר׳ מוישע צו סערקעלען אין שלאָפצימער אַרײַן).

כאַיִם (גייט זיי נאָך און ווײַזט מיט דעם פינגער פון איין האַנט אויף דער אַנדערער האַנט): אַזוי ווי דאָ וועלן האָר וואַקסן, אַזוי וועט זי דאָס אַלץ פאָלגן, וואָס דער אַלטער שקראַפּ זאָגט. לאָז ער נאָר אָוועקגיין, אָהאָ, וועט זי ווידער וויִעוועןן און שרײַען. (ער גייט נאָך אין דעם שלאָפצימער אַרײַן).

## עלפטער אַרײַנקום

אַלטעלע, יעראַכמיִעל

אַלטעלע (גיט אַ ווּוּנק צו יעראַכמיִעלן): יעצט שפּריך, וואַס ברויכסט דו?

יעראַכמיִעל: דע־דע־דע־דער באַלעבאָס האָ־אָ־אָט מיך געשיקט מיט אַ־אַ־אַ קוויטעלע.

[1]) צעשויבערט. [2]) שוין. — ר ע ד.

**אלטעלע**: צו וועם?

**יעראכמיעל**: צו וועמען: צו־צו־צו־צו דיר.

**אלטעלע** (מאכט זיך, גלײַך זי פארשטייט אים נישט): צו וועם, זאגסט דו?

**יעראכמיעל**: ווי־י־י־דער צו וועמען — צו־צו־צו־צו דיר.

**אלטעלע** (מיט קאס): דאס הייסט איין לומפּ! נון ווער בין איך דען? ווי הייס איך דען?

**יעראכמיעל**: דו הייסט פּ־פּ־פּ־פריידע־אלטע.

**אלטעלע**: איך הייס אבער פריילײַן פרידעריקע דאנציגערין.

**יעראכמיעל**: נו האָ־אָ־אָב איך צו דיר גאָ־אָ־אָר קיין קוויטל נישט, מײַן באַ־א־אלע־באָס האָ־אָט מיך דאָס קוויטל גאָ־אָ־אָר געהייסן אָ־אָפּ־געבן פריידע־אלטען (ער וויל אוועקגיין).

**אלטעלע** (לאָזט אים נישט אוועקגיין): אבער קאָם נור הער, דאס בריפכען איזט יא אן מיך. צײַג עס נור הער!

**יעראכמיעל** (באהאלט דאָס קוויטל אין קעשענע ארײַן): וואָ־אָ־אָרן איך וויל?

**אלטעלע**: דו זאגטעסט יא ערשט זעלבסט, דאס דו אן מיך איין בריפכען האסט, נון, זאָ גיב עס הער.

**יעראכמיעל** (קערט זיך צוריק אום): נו, זאָ־אָ־אָג מיר, ווי הייסטו?

**אלטעלע**: נון, איך הייסע פריידע־אלטעלע אויך — דאס הייסט איין נאר!

**יעראכמיעל** (מאכט זיך קלאָמערשט נישט פארשטיין): וואָס? פריידע א־א־אלטע איז א נאר? דאָ־אָס גייט מיך גאָ־אָר נישט אָן, איך באדארף אי־איר נאָר דאָ־אָס בריוול אָ־אָ־אָפּצוגעבן.

**אלטעלע**: נון, זאָ גיב שאָן איינמאהל הער, איך זאג דיר יא, איך הייסע פריי־דע־אלטעלע, אבער איך הייסע פריילײַן פרידעריקע דאנציגערין אויך.

**יעראכמיעל**: ע־ע־עפּעס האָט זי עפּשער זי־י־יבן נעמען, גאָ־אָ־אָר אזוי ווי ייִסרע — (ער זוכט אין קעשענע) יאָ, און פאַ־א־אר מײַן וועג גאָ־אָ־אָר נישט?

**אלטעלע** (גיט אים געלט): היר האסט דו, גיב נור שאָן דאס בריפכען הער.

**יעראכמיעל** (באהאלט פריִער דאָס געלט אין קעשענע ארײַן, דערנאָך גיט ער איר דאָס בריוול): דאָ האָ־אָ־אָסטו דאָ־אָס בריוול און גיב מיר טייקעף א־א־א טשוווע.

**אלטעלע** (לייענט דאָס בריוול אין דער שטיל דערנאָך זאָגט זי צו יעראכמיעלן): זאגע דעם הערן הענדלער...

**יעראכמיעל** (פאלט איר אין די רייד ארײַן): דאָ־אָס מיינסטו מײַן באַ־באַ־באלע־באָס?

**אלטעלע**: נון יא, אלזאָ זאגע איהם, דאס אלעס, גאָט זײַ־דאנק, זעהר גוט איזט. ר׳ יוּכענען וואר הייטע היר, די מוטער האט איהם אלעס גוטע געאנטוואָרטעט, זאָ ווי וויר אונז ווינשען, אויך זאגע איהם, דאס ער נירגענדס[1]) וועגגעהען זאָל, דען די מוטער ווירד איהם הייטע אײַנלאדען צו זיך אויף אנבײַסען, אונד הייטע בײַנאכט ווירד דאס געווינשטע שאָן זיכער זײַן.

**יעראכמיעל** (איז זיך אביסל מעיאשעוו): גיב דו מיר בע־ע־סער צוריק א־א־א קוויטעלע.

---

[1]) אין ערגעץ נִיט. — רעד.



**אלטעלע**: איך קאן אבער יעצט אונמעגליך שרײַבען.

**יעראכמיעל** (לאכט): הע־הע־הע, און אי־יך ווייס שוין פארוואָס!

**אלטעלע**: זאגע, ווארום מיינסט דו?

**יעראכמיעל** (נעמט ארויס אויס דער קעשענע דאָס געלט און ווײַזט עס איר): ווײַל דו האָ־אָסט א־אביסל א־א שווערע האנט.

**אלטעלע**: דו אימפּערטינענטער קערל[1])! נון זאָ ווארטע, אונד איך ווערדע שהרײַבען (זי זעצט זיך אנידער באַם טיש און שרײַבט).

**יעראכמיעל** (שטעלט זיך אפּ די שפּיץ פינגער פון די פיס און קוקט, ווי זי שרײַבט; ער מאכט כויזעק אויס איר): אָ־אָ־ווא! כלעבן, א־א־אקינצלעך קסעוול, סאַ־אמע לאָ־אָפּעטעס און פאַ־אלקעס.

**אלטעלע** (לייגט צונאנד דאָס בריוול און גיט עס יעראכמיעלן): היר האסט דו אנט־וואָרט, און זאגע דעם הערן הענדלער, דאס ער הייטע בײַ אונז שפּײַזען וויוד, ער זאָל נירגענדס וועגגעהן.

**יעראכמיעל**: אר־און איך זאָ־אָל בלײַ־ײַבן אי־אין דער היים אר־און נישט האָ־אָבן וואָס צו ע־עסן?

**אלטעלע**: נים נור אונד געה, דאס געהט מיך ניכט אן.

**יעראכמיעל**: דאָ־אָס גייט אָ־אָבער מיך אָן, איך וועל אָ־אָ־אָסער גישט נע־מען דאָ־אָס בריוול.

**אלטעלע**: נון, זאָ קאָם דו אויך מיט דײַנעם הערן, נור נים שאָן.

**יעראכמיעל**: אזוי, ביסטו טאַ־אקע א פײַן מיידעלע, אזוי האָ־אָב איך דיך אוי־אויך ליב (ער נעמט דאָס בריוול און גייט אוועק).

**אלטעלע**: דאס הייסט איין טויגעניכטס! נאך דער האָכצײַט מוס ער גלײַך אב־געשאפט ווערדען, אונד לויטער קריסטליכע דינסטען ווערדע איך האלטען, קיינע איינציגע יודען! ווי מיך דער דא בעהאנדעלט האט, אלס ווען איך מיט איהם צוזא־מען שווײַנע געווידעט[2]) העטע. נא! זאָ איין דומער, זאָ איין שטומער קערל! איך ווערדע איהג אבער שאָן בײַ מײַנעם ברייטיגאם פערקלאגען. און דיזעס בריפכען מוס איך גלײַך צו דען איבעריגען זאכן, וועלכע איך פאָן איהם האבע, הינלעגען. (זי גיט דעם בריוו א קוש און לויפט אוועק. דער פאָרהאנג לאָזט זיך אראָפּ).

סאָף פון דעם אנדערן אופצי

---

[1]) כוצפּעדיקער יונג. [2]) געפּאשעט. — רעד.

# דריטער אופצי

עס קומט פאָר די אייגענע שטוב ווי בא דעם ערשטן אופצי.

## ערשטער אַרײַנקום

ר׳ גאווריִעל (אליין)

(ער ליגט אפ דער קאנאפּע האַלב אויסגעטאָן) : א מאשקנ זאָל מען זיך פארזעצן און קלוג זאָל מען זײַן — אצינד וועט זיך מיר דאָס ערשט א וועלט עפענען. ר׳ מוישע דאנציגערס אײדעם! ווער וועט מיר זײַן גלײַך? — איך וועל זיי דאָס אלע מירצע־שעם בא דער נאָז ארומפירן. מײלע דער מעכוטן איז זיך דאָך טאקע א פּראָס־טער גראָבער יונג, ער קען דאָך ניט א צײלעם פון אן אלעף, בא אים וועל איך זײַן דער ראָוו. דער מעכוטענעסטע וועל איך דעם קאָפּ אזוי פארדרייען, כאָטש עס דאכט זיך איר, אז זי גייט אינ ספּאָדעק, אז זי וועט אליין נישט וויסן פון איר לעבן צו זאָגן. און מײַן קאלע, דער פריילײַ פרידעריקע באדארף איך דאָך נאָר איינמאָל צו זאָגן, אז זי איז זייער שיין, האָב איך זי דאָך שוין אינגאנצן געקויפט. גאווריִעל! דו לויכסט, ביסט א יונג מיט שפּאָרן! (ער רוט זיך אביסל אָפּ) יאָ, אלץ רעכט, אלץ גוט, וואָס טוט מען אָבער מיט דעם פארשווארצטן סילעק? ווו נעמט מען כאָטש טויזנט ריינישׂ מינץ? און די פײַנע בעריעטע שפּארט זיך דאָך דאפקע אײַן, אז איך זאָל טייקעף בא די טנאָיִם מעסאלעק זײַן, און דאָס, אז נאָר בא איר זאָל דער סילעק ליגן אײַנגעלייגט — וואָס טוט מען אצינדערט? (ער הייבט זיך אוף פון דער קאנאפּע און גייט א פּאָר מאָל אינ שטוב ארופ און אראָפּ און טראכט) זאָל איך עפּשער זאָגן, אז איך קען אצינד נישט מעסאלעק זײַן, ווײַל איך בינ איצט פארשטעקט מיט מײַן געלט אינ סכוירעס? — סערקעלע איז אָבער אויך נישט פון די נאראָגים, וואָס זענען צען אום א גראָשן, וועט זי זאָגן (ער שפּעט נאָך, ווי סערקעלע שמועסט) אוי, מײַנע קויכעס! מײַן אלטע־לעבן, זאָל שטארק און געזונט זײַן, איז דאָך אָנדאָס ערשט אלט דרײַצן יאָר, איך קען נאָך באשטיינ צו ווארטן, ביז איר וועט דאָס געלט אײַנ־קאסירן — און וואָס וועט זײַן? איך האָב מוירע, זי וועט זייער לאנג מוזן ווארטן. (ער טראכט ווידער אביסל נאָך) זאָל איך עפּשער אלטען גאָר דעם סאָד אויסזאָגן, אז איך האָב קיינ געלט נישט? נו, וואָס וועט זײַן? — אז א נאר ווארפט אַרײַן א שטיינ אינ גאָרטן אַרײַן, קענען דאָך אים צען קלוגע אויך שוין נישט ארויסנעמען — אלטעניו וועט גיינ טייקעף דערציילן דער מאמעניו, און די מאמעניו דעם טאטעניו, און דערנאָך, גאווריִעלניו, מעגסטו דיר שוין אופנייען א טאָרבעניו און גיינ אינ די הײַזער. (ער טראכט נאָך, דערנאָך גיט ער א געשריי) ווארט, עס איז דאָ! נאָר וואָס העלפט דאָס? (ער טראכט ווײַטער, פּלוצלינג גיט ער זיך א כאפּ באם שטערן און שמועסט שטילער) א־הא! אז דאָס זאָל מיר געראָטן — ע, וואָס! עס מוז מיר געראָטן — נויט ברעכט אײַזן,



האָט איינער אמאָל געזאָגט. (ער גייט ארום אינ שטוב און מאכט מיט די הענט, אזויווי איינער קלערט נאָך; דערנאָך זאָגט ער גאנצ פאמעלעך) הערסטו, גאווריִעל, מיר געפעלט עס. איך זאָג דיר, עס איז גוט און נאָך בעסער. גאווריִעל! ביסט א ווילער יונג! (ער רוט זיך אָפּ אביסל) כלעבן, איך זאָל מיך איצט קענען דערלאנגען, וואָלט איך מיר אליינ איצט א קוש אינ פּיסקל אַרײַן געגעבן! (ער קוקט זיך אום אינ אלע ווינקעלעך) איך זאָל נאָר וויסן, ווו עפּעס ליגט! די לײַט האָבן זיך אלע געלייגט שלאָפן נאָך דעם עסן. אצינד העט, כלעבן, די רעכטע צײַט געווען עפּעס צו טון. (ער גייט צו דער טיר, וואָס איז אינ דער רעכטער זײַט, און האָרכט, דערנאָך גייט ער צו דער טיר, וואָס גייט אפ דער גאס ארויס, און פאריגלט זי, דערנאָך גייט ער צו דער קאָמאָדע און פּרוווט, אויב זי איז אָפן) שלעכט, פארשלאָסן. (ער גייט צו דער שאפע און פּרוווט, אויב זי איז אָפן) ביטער, אויך צו־געמאכט. (ער ווײַזט מיט דעם פינגער אפ סערקעלעס שלאָפצימער) איך זאָל נאָר וויסן, אז עס וועט דאָ קיינער נישט אָנקומען, העט איך דאָרט אביסל בוידעק כאָמעצ געווען. ע, אז מע שטעלט נישט אײַן, נעמט מען נישט אויס. (ער וויל גיינ אינ שלאָפצימער אַרײַן און האָרכט) מיר דאכט זיך, מע גייט. (ער ווערט בייז און גיט זיך געשווינד א וואָרף אנידער אפ דער קאנאפּע) געשעדיקט זאָל עס ווערן!

## צווייטער אַרײַנקום

ר׳ גאווריִעל, כאיִם

כאיִם (קומט אַרײַנ נאָר אינ די זאָקן אָנגעטאָן מיט די שיך אינ דער האנט, און קוקט, אויב ר׳ גאווריִעל שלאָפט) : איר שלאָפט נישט, ר׳ גאווריִעל־לעבן!

ר׳ גאווריִעל (בייזערדיק) : ניין, איך קען נישט שלאָפן.

כאיִם (שמייכלט) : עס גייט אײַך אזויווי מיר: אײַך פארדרייט פריידע און מיר כאווע דעם קאָפּ.

ר׳ גאווריִעל: אזוי איז דאָס, באָכער? דו מאכסט דיך צו צו כאווען — איך האָב דאָס גאָרנישט געוווּסט, אז דו ביסט אזוי א ווילער יונג, כלעבן!

כאיִם (מיט גײַווע) : וואָס איז דאָס, שטייט מיר עפּשער נישט אָן?

ר׳ גאווריִעל: נו, וואָס זאָגט כאווע דערצו?

כאיִם: פרעגט גאָרנישט, וואָס זי זאָגט. אלץ! אמאָל זאָגט זי אזוי, און אמאָל ווידער אזוי, אקלאל, ווי דער שיגאָען קומט איר אָן. איך זאָג אײַך דעם עמעס, איך האָב מיך שוינ הײַנט מיט איר גאנצ גוט איבער א מײַסעלע געקריגט, וואָרן אז עס קומט איר אָן איר מעשוגענע שאָ, ווייס איך גאָרנישט, וואָס עס טוט זיך מיט איר. דאָ שרײַט זי, איך בינ גאָר פּלוצלינג א נאר, א שויטע, א פּאסקודניק, כאָטש איך ווייס דאָך אליינ בא מיר, אז עס איז אלץ ליגנד — קורצ פון דער זאך, אז זי האָט כיישעק, טראכט זי אפ מיר אויס, וואָס עס איז נאָר דאָ אינ דער קאָרט.

ר׳ גאווריִעל: און דו, נאר, שווײַגסט איר?

כאיִם: זעט איר, איך ווייס אָסער אליינ נישט, וואָס עס טוט זיך מיט מיר, איך האָב שוינ אזוי א פארשווארצטע טעווע, אז איך וויל אפילע אמאָל אפ איר בייז זײַן, לאָזט עס מיך נישט — עס מוז שוינ זײַן עפּעס אזוי א קישעף, איך זאָג אײַך נאָר א קישעף — און ווידעראמאָל, אז עס פאלט איר אײַן, קומט זי זיך אזוי

מיט אירע גוטע ריידעלעך צו מיר צו קריכנ און זאָגט: „כאַיִמ־לעבנ! איך וועל דיך עפּעס בעטנ, דו ביסט דאָך טאַקע א פײַנ ייִנגל, טו מיר דאָס און דאָס, דו ווייסט דאָך, אז איך האָב דיך ליב". נו, קענט איר אײַך גאָרנישט מעשײַער זײַנ, ווי איך בלײַב שטיינ. און ווער שמועסט, אז זי מאַכט נאָך אזוי אביסל א כיינעוודיקע האַווײַע און גיט מיר א גלעט באַמ בעקל — אוי ווײ! ווער איך דאָך טאַקע שוינ שיר ניט מעשוגע און רו נישט און שלאָפ נישט גאַנצע נעכט, און אפילע אינ כאָלעמ דאַכט זיך מיר אַלצ, אז כאַווע שמועסט מיט מיר, אז כאַווע רעדט מיט מיר.

ר' גאַווריִעל: זאָג מיר נאָר אָבער, וואָס נעמט זי זיך דאָס אזוי איבער, די מיִעסע מויד, העַ?

כאַיִמ: ווער? כאַווע? אי! וואָס רעדט איר? כאַווע איז מיִעס? אט, האָט מיר נישט פאַריבל, האָט איר דאָך עפּעס גאָר קיינ גוסט נישט. כאַווע איז מיִעס?! קוקט זי נאָר אָנ מיט מײַנע אויגנ, מיר דאַכט זיך, אז זי איז אסאַך שענער אפילע פונ... אי, וואָס זאָג איך, איך מיינ נאָר, מיר דאַכט זיך, אז עס איז שוינ נישט פאַרהאַנדנ שענערס פונ כאַווענ. נאָר וואָס דאַרפ איך אײַך ערשט דאָ צו דערציילנ — עס האָט א פּאָנעמ, איר ווייסט דאָס נישט אזוי גוט ווי איך, — נאָר איר זאָגט דאָס פאַר מיר אזוי.

ר' גאַווריִעל: וואָס קומט דיר אָבער דערפונ אַרויס, וואָס כאַווע איז אפילע שיינ? נו, וועט אינ עמעס עמעצ אַנדערשט אָנ איר קריגנ א שיינ ווײַב! וואָס העלפט דיר די אַלע מײַסעס? אז דו געפעלסט איר ניט, וועט זי זיך אוואַדע באַלד און גיכ אויסזוכנ אַנ אַנדערנ, און דו וועסט בלײַבנ שוויצנ.

כאַיִמ (כאַפּט זיך אָנ מיט ביידע הענט באַמ קאָפּ): אוי ווײ! זאָל גאָט באָרעכ הו שוימער און מאַצל זײַנ! כאַווע זאָל נעמענ אַנ אַנדערנ? ניינ, דאָס קענ נישט זײַנ, ניינ, דאָס טאָר נישט זײַנ! איך זאָל טאַקע וויסנ אינ די וועגעלעך צו אַרבעטנ, איך זאָל טאַקע וויסנ צו גיינ פונ טיר צו טיר קאַפּצענענ — ניינ, דאָס וועל איך נישט צולאָזנ.

ר' גאַווריִעל: וואָס דענ ווילסטו דיר פאַר אַנ אייצע געבנ, כאַיִמ?

כאַיִמ: זעט איר, מײַנ ליבער ר' גאַווריִעל־לעבנ... (ער קראַצט זיך הינטער דעמ אויער און רעדט) איך בינ, אייגנטלעך, געקומענ אַהער אײַך בעטנ — איך זע דאָך, אז איר וועט דאָ ווערנ אונדזער יונגער באַלעבאָס, און איך ווייס, אז וואָס איר, זאָלט לעבנ, וועט נאָר זאָגנ, וועלנ אַלע, דער באַלעבאָס, די באַלעבאָסטע און אַלטעניו, זאָל שטאַרק און געזונט זײַנ, דערצו מוזנ זאָגנ „אָמיינ" — איבער דעמ האָב איך אײַך איצט געוואָלט בעטנ... (ער גיט אימ א קוש אינ דער האַנט אַרײַנ) זעט איר, איך בינ דאָך נעבעך, ווי איר קוקט מיך אָנ, אַנ אָרעמער יונג — האָב איך אײַך געוואָלט בעטנ, איר זאָלט מיך, אָרעמענ יונג, אויך אינ זינ האָבנ... איך ווייס דאָך, אז איר זענט זייער א גוטער מענטש, האָב איך אײַך געוואָלט בעטנ, איר זאָלט מיר דעמ שידעך מיט כאַווענ אויספּירנ — איר וועט זענ, — אז אינ מײַנ לעבנסטאָג וועל איך אײַך דאָס נישט פאַרגעסנ.

ר' גאַווריִעל: אזוי, באָכער! דאָס מיינסטו! — נו, נו, אבי דו האָסט מיר נאָר געזאָגט, וואָס דו מיינסט. האָב קיינ מוירע נישט, עס וועט שוינ רעכט זײַנ. (ער קלאַפּט אימ מיט דער האַנט אָפ דער פּלייצע) זאָרג נישט, כאַיִמ! לאָמיך נאָר פריִער כאַסענע האָבנ, וועסטו שוינ זענ, וואָס איך קענ. פאַרלאָז דו דיך נאָר אָפ מיר, איך זאָג דיר, כאַווע איז שוינ דײַנ קאַלע, מעגסט שוינ שלאָפנ געשמאַק.



כאַיִמ (וויינט און קושט ר' גאַווריִעלנ די האַנט): אוי, מײַנ ליבער ר' גאַווריִעל־לעבנ! איר האָט מיך גאָר דערקוויקט, דערקוויקט זאָלט איר מיר ווערנ פונ דעמ אייבערשטנ! איך ווייס גאָרנישט, מיט וואָס איך וועל אײַך דאָס קענענ אָפּדינענ! גאָט באָרעכ הו וועט דאָס אײַך אוואַדע טאָפּלט באַצאָלנ, וואָס איר טוט אָנ מיר, אָרעמענ יונג.

ר' גאַווריִעל: נו, נו, נו, וויינ שוינ נישט, עס שיקט זיך נישט, א כאָסנ זאָל וויינענ. גיי, ביסט א נאַר, זײַ נאָר מיר געטרײַ, וועסטו זענ, אז עס וועט דיר אוואַדע גוט זײַנ, און וועסט נאָך קריגנ פונ מיר א גוט דראָשע־געשאַנק אויך.

כאַיִמ: אוי, איר וועט זענ, ווי געטרײַ איך וועל אײַך זײַנ, ווי איך וועל אײַך אַלצ פאָלגנ!

ר' גאַווריִעל (גיט זיך פּלוצלינג א כאַפּ אויפ, גלײַך ער האָט זיך געוועזנ עפּעס דערמאַנט): יאָ, וואָס האָב איך דיר דאָ געוואָלט עפּעס זאָגנ, וואָס קיינ ליגנד איז? — יאָ, פאַרוואָס גייט דאָס די באַלעבאָסטע הײַנט אָנ דעמ שטערנטיכל?

כאַיִמ: איר ווייסט נישט? זי האָט דאָך דאָס הײַנט יאָרצײַט נאָך דעמ ברודער.

ר' גאַווריִעל: יאָרצײַט נאָך א ברודער? דאָס הער איך דאָס ערשטע מאָל. יאָרצײַט נאָך א ברודער? מע זאָגט נאָך א טאַטנ אָדער נאָך א מאַמענ, אָבער נאָך א ברודער פּלוצלינג צו האָבנ יאָרצײַט? און ס'אַנדערע, אז מע האָט יאָרצײַט, גייט מענ אָנ דעמ שטערנטיכל?

כאַיִמ: זעט איר, איך וועל אײַך דערציילנ. זי האָט נישט מער געהאַט, ווי דעמ איינעמ ברודער. ער איז געווענ א גרויסער אוישער און זייער א גוטער מענטש. זי האָט אימ אזוי ליב געהאַט ווי דאָס לעבנ. נו, דערווײַל איז ער אונטערוועגס דאָרט ערגעצ געשטאָרבנ און האָט איר זײַנ גאַנצ פאַרמעגנ אָפּגעזאָגט, נו, האָט זי פאַר דאָס א ניידער געטונ, אז זי זאָל אָנ דעמ טאָג, ווענ זײַנ יאָרצײַט געפאַלט, גיינ אָנ דעמ שטערנטיכל, און קיינ שום שטיקל צירונג זאָל אָפ איר לײַב אַרופקומענ.

ר' גאַווריִעל: זי מוז, אָנ אײַנהאָרע, האָבנ זייער אסאַך צירונג? נישט וואָר?

כאַיִמ: אוי, אוי, אוי! אויב זי האָט אסאַך צירונג! ווייסט איר — זי האָט א פול, טאַקע א פול קופּערטל מיט לויטער פּערל און דימענטנ, און קאַניעקס און אויבלענ און שטיק, און כוצ איר אייגנ צירונג האָט זי נאָך זייער אסאַך, וואָס עס ליגט בא איר פאַרזעצט.

ר' גאַווריִעל: איך ווייס גאָרניט, ווי מע קענ ערגעצ אזויפיל צירונג באַהאַלטנ?

כאַיִמ: ע, איך וועל אײַך זאָגנ, דאָס קופּערטל איז, פּראַוודע, קליינ, עס איז אָבער זייער שטאַרק געפּאַקעוועט און זי האַלט עס טאָמיד נאָר בא זיך אינ שלאָפּכיידער צוקאָפּנס אינ איר בעט, און דאָס שליסעלע האַלט זי טאָמיד בא זיך, זי געטרויט עס קיינ מענטש אינ דער וועלט נישט.

ר' גאַווריִעל: דאָס איז זי, כלעבנ, זייער גערעכט, זי איז טאַקע א גרויסע באַלעבאָסטע, זי האָט מוירע פאַר א גאַנעוו. זעסטו, איקער שאָכאַכטי, איך האָב גאָר פאַרגעסנ — ווי שפּעט וועט איצט זײַנ? וועט שוינ זײַנ זייגער צוויי?

כאַיִמ: אי, וואָס רעדט איר? דער שטאָטזייגער האָט שוינ לאַנג דרײַ געשלאָגנ.

ר׳ גאוורי̤על: וואָס, שוין נאָך דרײַ? אָ־וואַ! וואָס טוט מען דאָ אצינד? זיי שלאָפן נאָך אַלע, און איך באַדאַרף אַזוי נייטיק צו לויפן אויף דער פּאָטשט, און אוועק־צוגיין אומגעזעגנט שיקט זיך אויך נישט. איצט ווייס איך מיר גאָר קיין אייצע צו געבן, וואָס טוט מען דאָ אצינד?

כאַי̤ם: ווייסט איר וואָס, איך זאָל נישט מוירע האָבן פאַר דער באַלעבאָסטע, העט איך עפּשער געקענט אַ שפּרונג אַריבער געבן אויף דער פּאָטשט?

ר׳ גאוורי̤על: אוי, דו העסט טאַקע געוועזן אַ פײַנער יונג, דו זאָלסט מיר דאָס קענען טון.

כאַי̤ם: וואָס וועט אָבער די באַלעבאָסטע דערצו זאָגן?

ר׳ גאוורי̤על: גיי, נאַר, אַז איך הייס דיך, וועט זי דיר דערפאַר אָסער גאָר־נישט זאָגן.

כאַי̤ם: פאַר דעם זאָגן האָב איך, פּראַוודע, קיין גרויסע מוירע נישט, נאָר פאַר דעם... (ער ווײַזט נאָך, ווי סערקעלע האָט אים אַ פּאַטש געגעבן).

ר׳ גאוורי̤על: שלאָגן, מיינסטו? גיי שוין, גיי, אַז איך שיק דיך, מעגסטו גיין. איך וועל דיך שוין פאַרענטפערן, האָב קיין מוירע נישט.

כאַי̤ם: איך בעט אײַך זייער, וואָרן איר קענט זי דאָך שוין, אַז זי ווערט בייז, ווי זי צעפּירט זיך די הענטעלעך. (ער מאַכט נאָכאַמאָל אַזוי נאָך ווי פריִער).

ר׳ גאוורי̤על: נו, גיי שוין, גיי, עס וועט שפּעט ווערן.

כאַי̤ם (טוט זיך אָן די שיך און גייט אוועק).

ר׳ גאוורי̤על (קוקט אים נאָך): געלויבט צו גאָט, אַז איך בין שוין אַמאָל זײַ־נער פּאָטער געוואָרן. נאָר עפּעס נײַס האָב איך פּאָרט איצט געוואָר געוואָרן,—מע קען פון אַ נאַר אויך עפּעס לערנען. עס פּלעגט מיר פון אייביק אָן קאָשע צו זײַן, צו וואָס האָט גאָט באַשאַפן אַ נאַר אויף דער וועלט—נאָר אצינד איז שוין רעכט. גאָט האָט באַשאַפן אַ נאַר, דער קלוגער זאָל מיט אים מאַכן וואָס ער וויל. העט די וועלט געווען מיט סאַמע קלוגע יונגען אָנגעשטאָפּט, העטן זיי, כלעבן, אַלע פאַר הונ־גער געשטאָרבן, און דו, גאוורי̤על, צווישן זיי. ווי שיין איך האָב מיר דאָ בײַ אים אויסגעפּאָרשט, ווו די רעפּוע איז צו קריגן, וואָס קען מיר אויס מײַן כולשע אַרויס־העלפן— (ער ווײַזט אויף סערקעלעס שלאָפּכיידער) דאָרט ליגט דאָס דער הונט פאַרגראָבן. (ער קוקט זיך אום) נאַ, אָט האָסטו—יעסט פּיעס, ער איז ווידער דאָ.

כאַי̤ם (קומט ווידער צוריק און קוקט זיך אום אין אַלע ווינקעלעך און זוכט עפּעס).

ר׳ גאוורי̤על: נו, וואָס ביסטו ווידער צוריקגעקומען? און וואָס זוכסטו? פאַר־וואָס גייסטו נישט? עס וועט דאָך שפּעט ווערן.

כאַי̤ם (גייט אַרום אין שטוב און זוכט אין שמועסט): יאָ, איך וועל טייקעף גיין, נאָר—זאָגט מיר נאָר, וואָס זאָל איך דאָרטן טון, אויף דער פּאָטשט? הע?

ר׳ גאוורי̤על: זעסטו, פאַר אײַלעניש האָב איך דיר גאָר פאַרגעסן צו זאָגן, אַז דו זאָלסט דאָרט נאָכפרעגן, אויב עס איז נישטאָ אַ בריוו צו מיר?

כאַי̤ם (זוכט ווײַטער און שמועסט): יאָ, וועמען זאָל איך אָבער דאָרט פרעגן? הע?

ר׳ גאוורי̤על: וואָס טײַטש? וועסט אַרײַנגיין צום פּאָטשטמײַסטער, וועסט שיין אָפּהייבן דאָס היטל און וועסט פרעגן, אויב עס איז נישטאָ עפּעס אַ בריוו צו גאוורי̤על הענדלער. ער וועט דיר טייקעף זאָגן, צי יאָ, צי ניין, ער איז אַ גאַנצ



גוטער מענטש. האָב גאָר קיין מוירע נישט. נאָר גיי שוין, גיי געשווינד, וואָרן עס וועט שפּעט ווערן.

כאַי̤ם (גייט און שמועסט צו זיך אין דער שטיל): אין פּעדערשטוב איז זי נישטאָ, אין קיך אויך נישט. איך האָב, כלעבן, שוין געמיינט, אַז זי איז אַהער אַרײַנגעגאַנגען. (ער גייט אוועק דורך דער מיטלסטער טיר).

## דריטער אַרײַנקום

ר׳ גאוורי̤על (אַליין)

עפּעס געפעלט מיר נישט דער יונג מיט זײַן צוריקומען און דאָס אומקוקן זיך אין שטוב—זאָל ער זיך האָבן עפּעס געשטויסן, דער באָכער?—ע, ווער ווייסט, וואָס דער שויטע זוכט. און אַז ער זאָל אפילע אָנקומען, איז אויך גאָר קיין גרויס אַכ־רײַעס נישט, איך האָב דאָך אים צוגעזאָגט כאַוועס פאַר אַ קאַלע. נו, גאוורי̤על, נעם דיך צו דער מעלאָכע. פריִער מוז איך אָבער נאָך אַ קוק געבן, אויב די מישפּאָכע שלאָפט נאָך. (ער גייט צו דער טיר, וואָס איז אָן דער רעכטער זײַט, און האָרכט) אָט, ווי גע־הארגעט! אצינד זאָל מיר נאָר זכוס־אָוועס בײַשטיין, וועט שוין אַלץ גוט זײַן. (ער גייט גאַנץ שטיל אויף די נעגל אין סערקעלעס שלאָפּכיידער אַרײַן און קומט אָבער באַלד ווידער צוריק) מיר דאַכט זיך, עס האָט דאָ עמעץ געהוסט. (ער האָרכט נאָכאַמאָל) אָט, זיי שלאָפן ווי נאָך אַ כאַסענע, נישט ווי נאָך ראָשע־פּראָקים. שלאָפט נאָר, שלאָפט געשמאַק, איך וועל אײַך שוין דאָ כאַסענע מאַכן. (ער גייט ווידער אין שלאָפּכיידער אַרײַן און זוימט זיך עטלעכע מינוטן. ער קומט צוריק מיט דעם קופערטל אונטער דעם אָרעם). דער סילעק איז דאָ—אצינד לאַך איך אײַך אַלע אויס. ביסט אַ פײַנער יונג, גאוורי̤על! האָסט געקענט דאָס לייענען. ביסט אַ גוטער באַלמעלאָכע, גאוורי̤על! מעגסט דיר מאַכן אַ שילד „אַלאַ כאַפּטעס" (ער טוט זיך אָן גאַנץ געשווינד און נעמט דאָס קופערטל אונ־טער דעם פּלאַשטש אַרונטער) אצינד אַהיים, דאָ וועט זיך דאָס עפּעס טון, אַז סערקעלע וועט דערזען, דאָס גוטע קאָפּנקישעלע פעלט איר. „אוי!" וועט זי קרעכצן. (ער שפּעט נאָך סערקעלען) „אוי וויי, מײַנע קויכעס!" אצינד וועט זי שוין אָבער טאַקע אין רעכטן עמעס מעגן פאַלן אין כאַלאָשעס. (ער גייט נאָכאַמאָל צו דער טיר זען, אויב זיי שלאָפן, דער־נאָך גייט ער דורך דער מיטלסטער טיר אוועק).

## פערטער אַרײַנקום

מאַרקוס רעדלעך (אַליין)

(ער קומט דורך דער מיטלסטער טיר, און קוקט זיך אום אויף אַלע זײַטן): נימאַנד היר [1])? וואַס איזט דאַס? וואָ זינד דען די לייטע? (ער קוקט אַרײַן דורך דער טיר, וואָס איז אָן דער רעכ־טער זײַט). שלאַפען? שאָהן, דאַס הייסט אונפאָרזיכטיג—דאַס צימער אַליין, די טיהרע אָפען, ווי לײַכט קענטע יעמאַנד מיט זאָ איינעם רעכט שמאַלען געוויסען גאַנצ אונ־געשטערט אַלעס הערויסשטעהלען. אונד די לייטכען שלאַפען זאָ רוהיג. וואָ איזט דען אַבער הינדעלע? נון האַבע איך זי דאָך ענדליך איינמאַהל בײַ איינער נאַכלעסיקײַט

[1]) קיינער ניטאָ?—ר ע ד.

אין דער ווירטשאפט ערטאפּט. (ער גייט ארוף און אראָפּ אין שטוב) זאָל איך עטווא[1]) הינגעהען אונד זי הערורופען? — ווער בלײַבט אבער איינסטווייליגען[2]) היר צוריק? ניין, איך בלײַבע ליבער היר, אונד ווען זי קאָמט, זאָ ווארטעט איהרער מײַנע פאָרוואָרפע. (ער טראכט אביסל נאָך) דאָך ניין, דער פאָרוואָרף קאָנן געוויסליך אויסבלײַבען, דען צו וואס איהרער ערצפײַנדינג[3]) פרידעריקע נאָך צו איינעם פראָהלאָקען[4]) פערהעלפען? אָ יא, דיזעס מעדכען איזט דער פלײַס זעלבסט! פאָרמיטאג האטע זי קיינע לוסט צור לעקציאָן, דא היס עס, איך זאָל נאכמיטאג קאָמען — אונד יעצט האלט זי איהר מיטאגשלעפכען. (ער לאכט) הא־הא־הא! איהרע מוטער איזט וואָהל אין איהרען געשעפטען אום פילעס פלײַסיגער. דא שיקט זי מיך הייטע אבערמאלס צו זיך רופען, זי זײַ קראנק, שטערבליך קראנק, איך מעכטע נור קאָמען, דעס נאכטס אין איהר שלאפגעמאך אונד זי קורירען, דאס הייסט, איך זאָל איהר די קור מאכען. יא, יא, איך פערשטעהע דײַנע אבזיכטען, דו נידערטרעכטיגעס ווײַב, איך קענע דיך צו גוט, דו אבשוים דער מענטשהײַט, אָבוואָהל דו מיך צו פערקענען שײַנסט אונד מיר זאָוואס צומוטעסט[5]). אָהאָ! ווײַט געפעהלט[6]), מײַנע ליבע דאנציגער! זי האבען די רעכנונג אָהנע דען ווירטען געמאכט[7]) (ער שווײַגט אביסל שטיל) לײדער, ווייס איך עס אים פאָרויס, דאס מיר דיזע שיינהייליגע[8]) די איינציגע לעקציאָן, מײַנע לעצטע שטיצע, וועלכע מײַנע אויסערסטע נאָט נאָך צו לינדערן אים שטאנדע איזט אויס ראכע אויפזאגען ווירד; אויך פיהלע איך צו זעהר דען פערלוסט, מײַנע איינציג געליבטע הינדעלע ניכט מעהר בעזוכען צו דירפען — אליין ליבער אויס הונגערסנאָט טעגליך דעם גראבע נעהער קאָמען[9]), יאהרעלאנג נאך דער הערצענסגעליבטען שמאכטען, אלס דען פערפעהלטען געזינונגען איינעס פערוכטען ווײַבעס נור איינען איינציגען אויגענבליק צו פרעהנען[10]). אבער האָרך! דא קאָמט יעמאנד! אהא — מײַנע גוטע הינדעלע!

## פינפטער ארײַנקום

### רעדליעך, הינדע

הינדע: זי היר, הער רעדליך! וואָ איז דען דער נײַע ברייטיגאם? כאָים זאגטע מיר יוסט[11]), דאס ער שאָן וואך און היר זײַ.

רעדליעך: איך קאם אונלענגסט[12]) הער, פאנד די טיהרע אָפען אונד נימאנד אים צימער. ווער זאָל דען דער נײַגעבאקענע ברייטיגאם זײַן, דען זי היר פערמוטעטען?

הינדע: וויסען זי דען ניכט, דאס אונדזערע פרידעריקע הייטע ברויט[13]) ווירד?

רעדליעך: ברויט? הייטע? — מיט וועם דען, ווען איך פראגען דערף?

הינדע: מיט ר' גאווריעל הענדלער.

רעדליעך: זאָ? מיט ר' גאווריעל הענדלער? נון, זאָ ווינשע איך איהר גליק, ווען זי מיט דיזער פארטי צופרידען איזט.

[1]) עפּשער. [2]) דערווײַל. [3]) דאם סוינע. [4]) פרייד. [5]) כאָטש, ווי ס'שײַנט, דו קענסט מיך ניט, און שלאָגסט מיר פאָר אזוי עפּעס. [6]) ניט געטראָפן. [7]) איר האָט געמאכט דעם כעזשבן אָן דעם באלעבאָס. [8]) צוויִאטשקע. [9]) נעענטער קומען צום קייווער. [10]) איידער כאָטש איין איינציקן אויגנבליק נאָכצוקומען די מיִעסע געדאנקען פון אן אויסגעלאסענער פרוי. [11]) אָקאָרשט. [12]) ניט לאנג. [13]) קאלע. — ר ע ד.



הינדע: אָ! זי איזט זעהר צופרידען, דען זי האט בלאָס נור די איינווילליגונג איהרער עלטערען צו איהרער אייגענען וואהל ערהאלטען.

רעדליעך: זאָ? האט זי איהן אויך פאָרהער געליבט? אָ, זאָ איזט זי ווארהאפטיג גליקליך; דען ווי פילע גיבט עס, איבערהויפּט בײַ אונזערער נאציאָן, דערען וואהל דער איהרער עלטערן גאנץ אונד גאר ניכט ענטשפּריכט, אונד צולעצט בלאָס אויס פורער שאמהאפטיקײַט[1]) אָדער אויס געהאָרזאמקײַט מיט איינען, פאָן דער עלטערן אויסגעזוכטען, מיט רובעל אָדער אָהנע בעלאסטעטען טויגעניכטס פערמעהלט ווערדען[2]).

הינדע: פערצייהען זי, הער רעדליך! דיזער פאל קענטע שווערליך בײַ אונזערער פרידעריקע אײַנטרעפען, דען דער אלמעכטיגע זעגנעטע זי מיט רעכט גוטע, ליבענסווירדיגע עלטערען.

רעדליעך (לאכט): הא־הא־הא! רעכט גוטע, ליבענסווירדיגע עלטערען? — אָ יא! דיזעס מוס יעדער, דער דיזעס הויז בעזוכט און טעגליך געלעגענהײַט האט בײַ מאנכער האנדלונג געגענווערטיג צו זײַן, געשטעהען[3]). (ער לאכט) הא־הא־הא! רעכט גוטע, ליבענסווירדיגע עלטערן — מיר וועניגסטעס שינען זי עס ניכט צו זײַן.

הינדע: זי לאכען? פערצייהען זי מיר, ווען איך בעהויפּטע, דאס דער שײַן מייסטענס טריגט[4]).

רעדליעך: טריגט? ניין, ניין, ווען דיזער שײַן טריגט, זאָ בעטריגען מיך אויך מײַנע זינע[5]) — ניכט וואהר, ליבע הינדעלע? איהרע טאנטע איזט גוט? אונד פילײַכט אויך געגען איהנען?

הינדע: איך גלויבע מיך ני איבער מײַנע טאנטע בעקלאגט צו האבען, זאגען זי, הער רעדליך, האבען זי מיך יע מורען[6]) געהערט?

רעדליעך: זי מורען ניכט, שעהן, דאס איזט רעכט שעהן פאָן איהנען, דען דיזעס ווערע יא זאָגאר צוועקלאָז, יא, עס קענטע פילײַכט איהרען צושטאנד נאָך אום פילעס פערשלימערן — אליין[7]) איזט געדולדיג לײדען ניכט לײדען? אָ, לײדער זאה איך עס מעהרערע מאלע, מיט וועלכער גרינגשעצונג זי בעהאנדעלט ווערדען, מיט וועלכער פעראכטונג מאן איהנען זעלבסט די דורך מיהזאמע ארבײַט פערדינטע שפּארזאמע נאהרונג הינרײַכטע[8]). אָ, איך האבע מאנכעס בעמערקט, בײַ דעסען ערינערונג בלאָס מיר שאָן דאס הערץ בלוטעט.

הינדע: צוואר בין איך איהנען פיר איהרע הערצליכע טיילנאהמע זעהר פילען דאנקשולדיג, יעדאָך אבער מוס איך זי ביטען, דאס זי איהרע געזינונגען אין הינזיכט מײַנער ליבען טאנטע אין געגענווארט אנדערער ניכט אויף זאָלכע ארט אייסערן[9]) מעכטען; דען זי קענטען דאדורך ניכט אליין זי, זאָנדערן אויך מיך אונד זיך זעלבסט בײַ דער וועלט אין איינעם שלעכטען ליכטע פערזעצען.

רעדליעך: בלײַבען זי נור גאנץ אונבעזאָרגט, מײַנע ליבע הינדעלע! דען זי בײַ דער וועלט אין איינעם שלעכטען ליכטע פערזעצען היסע זאָפיל[10]), אלס דער אלעס בעלײַכטענדען זאָנע איהרען ליכטשטראהל פערלייגנען וואָלען; וואס אבער אירע טאנטע

[1]) בלויזער שעמעוודיקײַט. [2]) מאכט מען זיי כאסנעע. [3]) אנערקענען. [4]) נארט אָפּ. [5]) כושים. [6]) באקלאָגן זיך. [7]) אָבער. [8]) דערלאנגט. [9]) ארויסזאָגן. [10]) וואָלט געהייסן אזויפיל. — ר ע ד.

בעטריפט, זאָ פערשטעהענ זיכ די לייטע אויפ איהרענ כאראקטער אום פילעס בעסער אלס זי. אָ, מעכטענ זי נור ערשט אלעס וויסענ, וואס זיכ די לייטע אינ די אָהרענ פליסטערנ, וואס דיזע העלענפוריע... [1]

ה י נ ד ע (לאָזט אימ ניט אויסרעדנ אונ פאלט אימ אינ די רייד אריינ. זי פארהאלט זיכ די אויערנ, זי זאָל נישט הערנ, וואָס רעדלעכ זאָגט): איכ וויל פאָנ זאָלכענ זאכענ ניכטס וויסענ, ניכטס הערענ, ליבער, בעסטער הער רעדליכ! איכ ביטע זי, פערשוינענ זי מיכ מיט דערגלייכענ נאכריכטענ, ערצייגענ זי מיר דיזע איינציגע געפעליקייט אונד לאסענ זי מיכ פאָנ מיינער טאנטע, פאָנ מיינער צווייטענ מוטער נור אלעס גוטע דענקענ.

ר ע ד ל ע כ (שווייגט אביסל שטיל אונ קוקט אָנ הינדענ מיט ראכמאָנעס, דערנאָכ גייט ער צו איר אונ נעמט זי אָנ ביי דער האנט): געטליכעס מעדכענ! פערצייהענ זי מיר, ווענ איכ זי געקרענקט האבע; גלויבענ זי מיר, דאס נור מיינע ליבע עס וואר, וועלכע מיכ זי אויפ איהר אייגענעמ שיקזאל איינ וועניג אויפמערקזאמ צו מאכענ בעוואָג. אליינ איכ זעהע ערשט יעצט איינ, ווי טעריכט [2]) עס פאָנ מיר וואר, דער געניגזאמענ צופרידענהייט, דאס די מאנגעל לײדע, פאָרשוואצענ צו וואָלענ.

ס ע ר ק ע ל ע (עפנט גאנצ פאמעלעכ אופ די טיר, וואָס איז אָנ דער רעכטער זייט אונ קוקט אריינ ביגעניוווע).

ר ע ד ל ע כ: איכ ביטע זי, מיינע ליבע הינדעלע, פעראכטענ זי מיכ נור ניכט. (ער קושט איר די האנט) היר פלעהע [3]) איכ, ווי איינ ארמער דינער, אומ איהרע פערצייהונג.

ה י נ ד ע: אבער אומ גאָטעס ווילענ, איכ ביטע זי. (זי וויל די האנט פונ זיינער ארויסנעמענ) לאסענ זי מיכ, איכ פערצייהע איהנענ פאָנ גאנצענ הערצענ. איכ ביטע זי... (צו זיכ אינ דער שטיל) ניינ, ניינ, איכ האלטע עס ניכט מעהר אויס! (הויכ) ליבער, גוטער, טייערער הער רעדליכ! (זי גיט אימ א קוש) לאסענ זי מיכ אב! לאסענ זי מיכ... (זי רייסט אימ אויס איר האנט) איכ פערצייהע אינענ פאָמ גרונדע מיינעס הערצענס.

ר ע ד ל ע כ: אָ! יעצט איזט מיינ גליק גרענצענלאָז! מעגע זיכ נונ די גאנצע וועלט מיט פערלענ, דיאמאנטענ אונד ווי דאס צייג אלעס הייסענ מאג בערייכערנ — (ער כאפט הינדענ ארומ מיטביידע הענט) איכ האבע דיכ, מיינע ליבע הינדעלע! אונד האבע פערלענ, דיאמאנטענ אונ קליינאָדיענ [4]) גענוג!

## זעקסטער אריינקום

ס ע ר ק ע ל ע, ה י נ ד ע, ר ע ד ל ע כ (זיי צעלויפנ זיכ, ווי זיי דערזעענ סערקעלענ)

ס ע ר ק ע ל ע: שיינ, שיינ, אפ דעמ האָב איכ מיכ גאָרנישט געריכט, ביסט גערעכט, הינדעלע! מאכסט קאָוועד דעמ טאטנ אינ קייווער, אָ, שיינ! גאנצ שיינ! פארפינצטערט אונ פארשווארצט איז דיינ דאָליע געוואָרנ, אז עס גלוסט זיכ דיר נאָכ אָנ דעמ טאָג, ווענ דאָווידס יאָרצייט איז, מיט דייטשנ צו שפילנ. אוי, מיינע קויכעס!

ר ע ד ל ע כ (קוקט אָנ סערקעלענ אזויווי מע מאכט אויס עמעצנ כויזעק): ערגערנ זי זיכ ניכט, מיינע ליבע דאנציגער, — זי זינד יא קראנק, שטערבלעכ קראנק, עס קענטע אינענ שאדענ.

1) מעכאשייפע פונ גענעמ. 2) נאריש. 3) בעט. 4) טייערע זאכנ. — ר ע ד.



ה י נ ד ע (וויל רעדלעכנ איינהאלטנ אונ לאָזט אימ נישט רעדנ): אומ גאָטעס ווילענ, ווענ זי מיכ... בלייבענ זי שטיל, איכ ביטע זי, ענטפערנענ זי זיכ [1]), איכ בעשווערע זי.

ס ע ר ק ע ל ע (מיט ביידע הענט אינ דער זייט): ווער ביסטו דאָס! דו ליידעק! דו פארכ! מיינסטו דאָס, אז בא מיר איז עפעס א שענקהויז? איכ וועל דיר דאָ ווייזנ, דו דייטש מיט לונגענ, ווער עלטער איז. אזוי א גאלגאנ! זאָל א האָזע האָבנ אריינצוקומענ צו מיר אינ שטוב אריינ די מיידלעכ צומ אלעמ בייזנ אָנצורעדנ!

ר ע ד ל ע כ (וויל ווידער אָנהייבנ צו רעדנ, אונ הינדע בעט אימ מיט האוויייעס, ער זאָל אוועקגיינ).

ס ע ר ק ע ל ע (שרייט גאנצ הויכ): ארויס פונ מיינ שטוב, דו אָפגעריסענער אונ אָפגעשליסענער נאקעדיקער דייטש! ארויס טייקעפ, זאָג איכ! זאָלסט דיכ נאָר דערוועגנ מיינ שוועל נאָכ איינ מאָל צו באטרעטנ, וועל איכ דיר רוק אונ לענד צעברעכנ, אוי, מיינע קויכעס!

ה י נ ד ע (נעמט אָנ רעדלעכנ בא דער האנט אונ פירט אימ דורכ דער מיטלסטער טיר ארויס): ווענ זי מיכ גערנ האבענ, זאָ געהענ זי.

ר ע ד ל ע כ (קוקט בא דער טיר נאָכאמאָל סערקעלענ אָנ זייער בייז אונ גייט אוועק).

## זיבעטער אריינקום

ס ע ר ק ע ל ע, ה י נ ד ע

ה י נ ד ע (בלייבט שטיינ בא דער טיר, דעמ קאָפּ אראָפּגעלאָזט, אונ וויינט).

ס ע ר ק ע ל ע: נו, נו, איכ האָב מיכ גוט דערלעבט — ווער זאָל זיכ דאָס ריכטנ, אז איכ וועל פונ אזוי א צאָרע, פונ אזוי א שלימ־שלימאזל זעלכע כארפעס אונ בושעס איינעמענ? ווארט נאָר, ווארט, איכ וועל מיכ שוינ נעמענ צו דיר, ווע‌סטו דיר שוינ, דו בעסטיע, א קריע רייסנ נאָכ דיינע יאָר אונ טאָג. אוי, מיינע קויכעס! דאָס איז דאָס דער לוינ פאר מיינ בידעווענ, וואָס איכ בידעווע טאָג אונ נאכט מיט איר! אומשטיינס געזאָגט, וואָס האָט זי דענ צו זאָרגנ, די קאפצנטע! פרעסט אונ זויפט מיינ בלוט — נו, גלוסט זיכ איר א דייטש אויכ...

ה י נ ד ע (וויינט): מומע־לעבנ! איכ בינ...

ס ע ר ק ע ל ע (פאלט איר אינ די רייד אריינ): האלט דעמ פיסק, זאָג איכ דיר, דו דראבקע! אוואדע דארפסטו נאָכ דעמ פיסק צו עפענענ! וויפל קומט דיר נאָכ אינ בייטל אריינ צו צאָלנ, הע? דו וויינסט? דו האָסט צו וויינענ אונ צו קלאָגנ אפ דיינע יאָר אונ טאָג, וואָס דו ביסט גאָר געבוירנ געוואָרנ אפ דער וועלט. זאָג אליינ, דו פוראָניעס: ווי האָסטו נישט געהאט גאָט אינ הארצנ בא שיינעמ העלנ טאָג, בא מיר אינ שטוב, וואָס די טיר רוט נישט פונ פרעמדע מענטשנ, זיכ אנידערצוזעצנ מיט אזוי א הולטיי, מיט אזוי א דראב? גאָט ווייסט, וואָס דאָ העט געווענ, ווענ עס זאָל מיכ נישט אזויווי אראָפּרייסנ פונעמ בעט, אוי וויי, מיינע קויכעס! זכוס־אָוועס איז מיר דאָ עפעס בייגעשטאנענ.

ה י נ ד ע (גייט צו סערקעלענ מיט געוויינ אונ וויל איר די האנט קושנ): מומעניו! גילדענע מומעניו! הערט מיכ נאָר אויס... וועט איר הערנ... אז איכ בינ... גאָרנישט שולדיק.

1) גייט אוועק. — ר ע ד.

**סערקעלע** (גיט הינדען פונ זיך א שטויס אוועק): אוועק, דו, דו, דו — גיי קוש דו זיך מיט דעם (זי קען ניט רעדן פאר גרויס קאס).

**הינדע** (פאלט אנידער אפ דער ערד און שרײַט): אוי! גאָט זאָל אײַך דאָס מוחל זײַן!

## אכטער ארײַנקום

**סערקעלע, הינדע, כאווע** (קומט צו גיין דורך דער טיר, וואָס איז אָנ דער רעכטער זײַט)

**ר' גאוורי̇על** (קומט דורך דער טיר, וואָס גייט אפ דער גאס ארויס).

**כאווע** (לויפט צו צו הינדען): אוי ווי מיר, הינדע־לעבן! (זי הייבט זי אופ) האָסטו דיר עפּעס געטון, מײַן לעבן?

**ר' גאוורי̇על**: וואָס איז דאָס דאָ געווען אזוינס?

**סערקעלע**: פרעגט נישט, עס איז שוין רעכט. עס איז שוין דאָ גוט געווען.

**ר' גאוורי̇על**: וואָס איז דאָס? עפּשער ווידער עפּעס א שאָדן געווען?

**סערקעלע**: אוי ווי, מײַנע קויכעס! גלייבט מיר, עס איז גאָר א כארפּע און א שאנד פאר לײַט אפילע צו דערציילן! אָט קוקט זי נאָר אָנ — העט מען נישט געמעגט שווערן, אז זי קען גאָר קיין צוויי נישט ציילן? די הולטײַקע!

**הינדע**: אוי, כאווע־לעבן! פיר מיך אינ בעט ארײַן, איך מוז מיך לייגן, איך בינ זייער פארשלאפט... אוי!

**כאווע** (נעמט הינדען אונטער דעם אָרעם): גאָט זאָל געבן, עס זאָל עפּעס א גוטן סאָף נעמען מיט דעם ווויעווען! איטלעכער באזונדער האָט צו טון מיט דער אָרע־מער יעסוימע נעבעך.

**סערקעלע**: קוקט זי נאָר אָנ, ווי זי מאכט זיך כאלעשן, די לײַדאטשקע! איצט האָט זי קיין קויעך נישט — רופט איר נאָר רעדלעכן צוריק, וועט זי דאָ באלד קויעך האָבן. אוי, מײַנע קויכעס!

**כאווע** (פירט הינדען גאנצ פאמעלעך אוועק און ווײנט שטארק): עס איז שוין די העכסטע צײַט, אז גאָט זאָל זיך עפּעס מעראכעם זײַן.

## נײַנטער ארײַנקום

**ר' גאוורי̇על, סערקעלע**

**ר' גאוורי̇על**: וואָס האָט זיך דאָס דאָ געטון, וואָס איר זענט אזוי בייז? עס פלעגט דאָך גאָרנישט אײַער טעווע צו זײַן. דערציילט מיר נאָר אויך — אָדער איז עס עפּשער גאָר א סאָד פאר מיר, הע?

**סערקעלע**: א סאָד אהינ, א סאָד אהער, — וואָס זאָל איך אײַך דאָ אויך נאָך דערציילן, איר זאָלט אײַך אגמעסנעפעש האָבן. גלייבט מיר, איך האָב געגוג פאר ס'מײַניקע — נאָר איר זענט דאָך, הייסט עס שוין, דאָס אונדזעריקע, איר וועט דאָך נישט קיינעם ווײַטער דערציילן.

**ר' גאוורי̇על**: וואָס זענט איר דאָ ערשט מעסופעק, מעכוטענעסטע־לעב! ווע־מען האָב איך צו דערציילן? בא מיר איז אינ איינ אויער ארײַנ און פונ דעם אנ־דערן ארויס.



**סערקעלע**: הערט־זשע צו, וועט איר עפּעס הערן א שיינע מײַסע. איך ליג מיר דאָ אזוי פרי̇ער און שלאָף — איך האָב אפילע נישט רעכט געשלאָפן אויך, נאָר בינ אזוי געלעגן און געדרימלט, אזויווי א מענטש ליגט אָפטמאָל אינ קוואל — האָט עס מיך עפּעס אזויווי נישט געלאָזט ליגן אפ אנ אָרט, איך זאָג אײַך, עס האָט מיך עפּעס אזויווי געקאָרטשעט, אז איך זאָל אהער ארײַנגיין, אינ דער שטוב ארײַנ... אינמיטן אָבער האָב איך מיך דערמאנט, אז איר ליגט דאָ און שלאָפט...

**ר' גאוורי̇על** (איז געשטאנען אביסל ווי דערשראָקן; איצט פאלט ער איר אינ די רייד ארײַנ): יאָ, איר זענט גערעכט, איך האָב טאקע דאָ געשלאָפן, נאָר איך האָב מיך דערמאנט, אז די פּאָטשט גייט הײַנט זייגער פיר אוועק, און איך האָב נאָך נייטיק געדארפט עטלעכע בריוו צו שרײַבן, בינ איך געשווינד געלאָפן, א מאראָכע, וואָס איך האָב מיך דערמאנט — נו, וואָס איז ווײַטער געווען?

**סערקעלע**: דערווײַל דערהער איך דאָ דעם הולטײַס, דעם אכבעראָשס קאָל. און איך זאָג אײַך דעם עמעס, איך קען אים פונ אייביק אָנ נישט לײַדן, וואָרן גלייבט מיר, ער זאָל נאָר נישט דארפן מיט אלטע־לעבן פראנצייזעריש צו לערנען — העט איך אים אָסער גאָרנישט געוועזן צו מיר אינ שטוב ארײַנגעלאָזט, אוי, מײַנע קויכעס!

**ר' גאוורי̇על**: רעדלעכן מיינט איר? אהא! אהא! אוואדע זענט איר גערעכט. אזוי א קאטשאלאפ קען נאָך אמאָל עפּעס אוועקטראָגן אויך, און דערנאָך גיי שרײַ „כײַ וועקײַעם".

**סערקעלע**: דערווײַל טראכט איך מיר, לאָמיך נאָר גיינ זען, מיט וועמען ער שמועסט דאָס דאָרט אזוי ערנסט, און הייב מיך אזוי אופ און גיי צו דער טיר און קוק מיר אזוי גאנצ שטיל צו, וואָס עס טוט זיך. וואָס זאָל איך אײַך דאָ, מײַן ליבער ר' גאוורי̇על, אסאך ברײַען — איך האָב געמיינט, איך וועל שיר אײַנגעזונקען. מאָלט אײַך אזויווי דאָ (זי שטעלט ר' גאוורי̇עלן דאָ, ווי רעדלעך איז פרי̇ער געשטאנען) שטייט זיך ר' רעדלעך, און הארט נעבן אים די בעסטיע (זי שטעלט זיך נעבן ר' גאוורי̇עלן דאָ, ווי הינדע איז פרי̇ער געשטאנען) און ער נעמט זי אלעמאָל ארום און גלעט זי. (זי נעמט ר' גאוורי̇עלן מיט ביידע הענט ארום און גלעט אים) דערנאָך גיט ער איר גאָר א קוש — איך קוק און שווײַג. (זי שווײַגט אביסל) ער גיט איר דעם אנדערן קוש — און איך קוק און שווײַג. (זי שווײַגט ווידער אביסל). ער גיט איר אָבער שוין דעם דריטן קוש, פארשטייט איר? און זי גיט אים אויך שוין איינעם. (זי שווײַגט אביסל און קוקט אָנ ר' גאוורי̇עלן).

**ר' גאוורי̇על** (פארדרייט זיך מיט דעם פּאָנעם אוועק פונ סערקעלען און פארקרימט זיך, אזויווי מע מי̇עסט זיך פאר עפּעס).

**סערקעלע**: נו, טראכט איך מיר, אזוי איז דאָס די מײַסע! איצט איז די רעכטע צײַט, אז איך זאָל אײַך ווײַזן, אז איך בינ אויך דאָ — וואָרן איך האָב דאָך אומשטיינס געזאָגט, געזען, אז עס הייבט באשײַמפּערלעך אָנ צו גיינ אינ גרויסע געדולעס ארײַנ. (זי קלאפּט זיך מיט דער האנט איבער דעם מויל) אוי, מײַנע קויכעס! קום איך מיר פלוצלינג ארײַנ צו גיינ — מיילע, אים האָב איך געמאכט א סאָף, אז ער וועט שוין דאָס אנדערע מאָל נישט דערלעבן צו קומען צו מיר אינ מײַן הויז ארײַנ; זי אָבער האָט נאָך אזוי א פארוואשן פּאָנעם און וויל מיר אײַנרעדן, אז דאָס, וואָס

איך האָב מיט מײַנע קאָשערע אויגן געזען, איז גאָר ליגנד, און וויל מיך אלץ נאָך איבערבעטן —

ר׳ גאוורי̤על (פאלט איר אין די רייד אַרײַן): זענט איר געגאַנגען און האָט זי געשלאָגן, — נו, וואָס איז? איר האָט זי דאָך דאָ נישט געשלאָגן, זי זאָל כאָלילע גיין גאַנווענען... און ס׳אנדערע, עס שטייט דאָך בא אונדז טאקע אזוי געשריבן, אז ווער עס וויל האָבן זײַן קינד זאָל זײַן גוט, דער שלאָגט עס מיט דער רוט.

סערקעלע: ניין, אָסער, געשלאָגן האָב איך זי, פראוודע, נישט, נאָר עס האָט מיך זייער פארדראָסן, וואָס זי וויל מיך אלץ נאָך אָפּשפּארן; און ס׳אנדערע, פאר־וואָס זאָל דאָס מײַן הויז, וואָס איז פון אייביק אָן, פון אָוועס־אווויסיינו, געווען פרום און גוט, דורך אזוי אן אויסוואורפלינג קומען אין לײַטישע מײַלער ארײַן? האָב איך זי פאר דאָס נאָר קוים וואָס אָנגערירט, איז זי אנידערגעפאלן — נו, לאָז זי פאלן; זי מיינט, איך וועל מיך דאָ זייער מעצאער זײַן? — לאָז זי פונמײַנעטוועגן זײַן די קאפּאָרע פאר אלע יידישע קינדער.

ר׳ גאוורי̤על: ווייסט איר, מעכוטענעסטע־לעב, איר מעגט, כלעבן, גוימל בענטשן, וואָס ער האָט נישט איניינוועגס נאָך עפּעס צוגענומען, וואָרן איך זאָג אײַך דעם עמעס — איך פלעג מיך טאָמיד צו כידעשן, ווי איר לאָזט אים מיט דער ווינד איבער אליין אין שטוב. ער פלעגט דאָך אזוי צו גיין איבער אלעם גאָר ווי א באלעבאָס.

סערקעלע: ווער האָט זיך געזאָלט פלוצלינג ריכטן אַף אזוי א שלימאזל? ער פלעגט דאָך צו מײַן ברודער, אָלעוו האשאָלעם, זײַן זכוס זאָל אונדז בײַשטיין, טאָמיד ארײַנצוקומען און טכילעס, ווי ער האָט אָנגעהויבן צו מיר ארײַנצוקומען, האָט ער אויך געסטאטקעוועט, און איך זאָג אײַך דעם רעכטן עמעס, אז עס האָט זיך מיר געדאכט, איך ווייס פיל, מע קען אמאָל פון אזוי א יונג האָבן א נוצן: אָט האָט ער געלערנט מיט אלטע־לעבן, זאָל שטארק און געזונט זײַן, פראנצייזעריש.

ר׳ גאוורי̤על: איקער שאָכאכטי, ווו איז זי ערגעץ, מײַן קאלע? כלעבן, אז איך זע זי נישט א פּאָר שאָ, הייב איך שוין אָן צו בענקען נאָך איר! איך ווייס אָסער נישט, ווי איך וועל אמאָל קענען אוועקפאָרן פון איר?

סערקעלע: ווואהין ווילט איר דען פאָרן?

ר׳ גאוורי̤על: לייסאטע אין ערגעץ נישט, נאָר בא אזוי א סויכער, ווי איך בין, קען מען דאָך נישט וויסן — הײַנט איז מען דאָ, און מאָרגן דאָרט, ווי א מאסע־אומאטן פאלט אויס.

סערקעלע: ווארט, וועל איך זי אײַך דאָ טייקעף ארײַנשיקן. (זי גייט אוועק).

## צענטער ארײַנקום

ר׳ גאוורי̤על (אליין)

(ער קוקט נאָך סערקעלען און מאכט כריזעק אויס איר): סערקע־לעבן! ווו איז דײַן שטערנ־טיכל, הע? (ער לאכט שטארק) הא־הא־הא! עס כאָלעמט זיך איר אָבער נאָך גאָרנישט. ווי מיר דאכט זיך, וועט דאָ רעדלעך נעבעך גאָר דאָס באָד אויסגיסן. א שאָד, כלעבן — ער איז קיין שלעכטער יונג נישט. נאָר וואָס גייט דאָס מיך אָן? לאָז זיך טון, וואָס



עס וויל, הײַנטיקע צײַטן איז קאָזדען סאָביע; הײַנט באדארף איך מעסאלעק צו זײַן, מוז איך מיר אן אייצע געבן; אז ער וועט דארפן מעסאלעק צו זײַן, לאָז ער זיך ווידער אן אייצע געבן. דעם פייגער האָב איך, פראוודע, אַף זייער א גוט אָרט באהאלטן, נאָר ווי דערלעב איך שוין פּאָטער צו ווערן... איך מוז נאָך הײַנט גיין זוכן עפּעס אן אוירעך, אים דאָס שלימאזל אָנצוהענגען. אין שטאָט טאָר עס איינמאָל פאר אלעמאָל נישט בלײַבן. איך וועל, אָסער כאזער, נישט לאנג עי̤עס מאכן, וואָרן וויפל איך וועל נעמען, וועל איך אלץ בא דעם מאסע־אומאטן נישט בעדאלעס ווערן. (ער לאכט) הא־הא־הא! (ער בלײַבט שטיל און טראכט) איך ווייס נישט, וואָס דאָס איז עפּעס אין דער וועלט: איך האָב דאָך אמאָל געלערנט אין א כיידער, פלעגט מיך דער מעלאמעד טאָג און נאכט צו שלאָגן, צו הארגענען, נאָר אז איך זאָל באגערן; נו גוט, רעבע־לעב! איך וועל שוין באגערן. קומט ווידער אצינד, שרײַט דער אוילעם: „מע טאָר נישט קיין פרעמדס באגערן" — נאראָנים! מײַן אייגנס באדארף איך דאָך נישט צו באגערן! (ער גיט א מאך מיט דעם גראָבן פינגער, אזויווי מע לערנט א פשעטל) נישמער, זאָגט מען: ניין! מײַן רעבע רעב טרײַטל הויקער האָט אוואדע רעכט געהאט, אז באגערן מיינט מען נאָר פרעמדס, און ווײַטער האָט מען שוין נישט צו קלערן — וואָרן קלער הײַנט, קלער מאָרגן, וועל איך אלץ בלײַבן דער אייגענער באלכויוו, וואָס פריער. אָט אָ די באלהאלוואָעס זענען דאָס אביסל אזעספענעמער, אז טאָג, אז נאכט הערט מען זיי נישט מער נאָר מאָנען — זיי זאָלן דאָס אמאָל מיד ווערן! זיי לויפן מיר שוין גאָר נאָך אין די גאסן און רײַסן מיר מאמעש די פּאָלעס אָפּ, איך זאָל פלוצלינג גאָר אָפּגעבן, וואָס איך האָב בא זיי גענומען — נו, איז זשע דאָס נישט א קאָמעדיע? מעמאָנעפשעך, די קאשע: אז איך זאָל ווידער אָפּגעבן, העט איך דאָך נישט גערארפט צו נעמען? און ס׳אנדערע, ווען איך זאָל מיך נאָר וועלן ערשט מיט זיי גוט באכעזשבענען, בין איך אָסער גאָר אזויפיל נישט שולדיק, וויפל איך העט געקענט שולדיק זײַן, אז מע זאָל מיר נאָר וועלן מער געטרויען. (ער קוקט זיך פלוצלינג אום און דערזעט אלטעלען) גאוורי̤על! פּאַסעך שין!... (ער פארהאלט זיך מיט דער האנט דאָס מויל און זאָגט אין דער שטיל) קוקט נאָר אָן דעם כיינ, וואָס די מאכט!

## עלפטער ארײַנקום

ר׳ גאוורי̤על, אלטעלע

ר׳ גאוורי̤על (גייט אלטעלען אנטקעגן און קושט איר די האנט): האָט אינע די מאמע־ניו געזאָגט, אז איך בענק נאָך אינע?

אלטעלע: יא, זי האָט מיר געזאָגט — גאָט זײַ דאנק, דאס וויר שאָן זאָ ווײַט האלטען.

ר׳ גאוורי̤על: געלויבט צו גאָט! עס זאָל נאָר ווײַטער אזוי גיין, העטן מיר אָסער שוין גאָרנישט געהאט צו זאָרגן!

אלטעלע: ווערדען זי אבער מיך אימער זוי ליב האבן ווי יעצט?

ר׳ גאוורי̤על (גיט אלטעלען א קוש): וואָס פרעגען זי דאָ ערשט א קאשע? זי זענען דאָך מײַן גילדענע אלטעניו!

אלטעלע: איך ביטע זי, מײַן ליבער ברייטיגאם — רופען זי מיך ניכט מעהר ביי דיזען יידישען אבשייליכען [1]) נאמען! פפוי! ווי אלט בין איך דען גאר?

ר׳ גאווריִעל: איך וויס אליין, זי זענען נאָך גאָר א יינגיטשקע מיידעלע, נאָר ווײַל זי זענען זייער איידל און ציטעריק, רופט מען זי „אלטעלע", קעדיי זי זאָלן זיך האָדעווען, וואָרן דאָס איז א גוטע סגולע דערצו.

אלטעלע: איך וויס זעהר גוט, דאס איך בין זעהר אייטעל געצויגען, אבער ווייל איך דאָך הייסע „פרידעריקע", אונד זוי זאָלען זי מיך אימער רופען.

ר׳ גאווריִעל (אין דער שטיל צו זיך): פונמײַנעטוועגן לאָז זי כאָטש הייסן אַ־צינדערטיקע! (הויך) נו, מײַן לעבן, פון איצט אָן וועל איך זי שוין טאָמיד רופן מײַנע הארצעדיקע, קרוינעדיקע, פרירעדיקע, יאָ?

אלטעלע: אבער ניכט פרירעדיקע, נור פרידעריקע, אונד זי, זי מיסען אײַך איינען רעכט שעהנען דײַטשען נאמען האבען, צום בײַשפּיל — (זיי בלײַבן אביסל שטיל, קוקן זיך איינס דאָס אנדערע אָן און טראכטן).

ר׳ גאווריִעל: עפּשער — — — כאפריִעל?

אלטעלע: אָ, פע! דער איזט ניכט שעהן!

ר׳ גאווריִעל: נו, ניין, ניין, (זיי קוקן זיך ביידע ווידער אָן און טראכטן) עפּשער... האוורילאָ?

אלטעלע: אָ, ניין, דאס איזט יא גאָר איין נאמען ווי אונזער גרובע־הייצער; ניין, ניין, לאסען זי מיך נור זעלבסט נאכדענקען. (זי טראכט נאָך, און ער פארשטעלט זיך מיט דער פּאטשיילע און לאכט אין דער שטיל און מאכט אויס איר כויזעק; זי גיט זיך א כאפּ מיט סימכע) וויסען זי! דער ווירד זעהר גוט זײַן — גאבריִעלע! דאס איזט איין שעהנער נאמען. יא, יא, זוי מוס עס בלײַבען, גאבריִעלע מיסען זי הייסען! איך האבע די־זען שעהנען נאמען שאָן וואָ אין איין בוך געזעהען. (זי נעמט אים ארום) מײַן ליבער גאבריִעלע העגדלער!

ר׳ גאווריִעל (אין דער שטיל): מאזלטאָוו מיט דעם נאָמען! (ער נעמט זי אויך ארום) מײַן גילדענע פרירע — ניין — פרידעריקעניו!

## צוועלעפטער ארײַנקום

ר׳ גאווריִעל, אלטעלע, יעראכמיִעל

ר׳ גאווריִעל (לויפט יעראכמיִעלן אקעגן): וואָס ווילסטו שוין ווידער, וואָס?

יעראכמיִעל: קר־קר־קר־קומט שוין א־א־אמאָל אהיים אויך! א־א־אז איר טשע־פּעט א־א־אײַך אָן אָ־אָ־אָן עפּעס, איז א־א־אײַך נישט מעגלעך א־א־א־וועקצורײַ־ײַ־ײַסן.

ר׳ גאווריִעל: נו, זאָג שוין, וואָס ווילסטו?

יעראכמיִעל: רעב שמועל טא־טא־טא־טא־טאנדעטניק האָט א־א־אײַך שוין ווידער געזוכט.

ר׳ גאווריִעל: נו וואָס? האָט ער מיר אָפּגעבראכט די צוויי הונדערט קערבלעך? (ער ווינקט אים, ער זאָל זאָגן „יאָ").

[1]) מיִעסן. — רעד.



יעראכמיִעל: אי, אי, גראָד פארקערט, ער האָ־אָט געזאָגט, א־א־אז איר וועט אים הײַ־ײַנט נישט אָ־אָפּגעבן די צוויי הו־הו־הונדערט קערבלעך, וואָ־אָס איר זענט אים שולדיק, וועט ע־ער גיין אי־אי־אין די פּאָ־פּאָ־פּאָ...

ר׳ גאווריִעל (לאָזט אים ניט אויסרעדן און ווינקט אים, ער זאָל שווײַגן): גיי, גיי, איך וויס שוין, איך וויס שוין!

יעראכמיִעל: ...פּאָ־פּאָ־פּאָ־פּאָליציי ארײַן און וועט א־א־אײַך גאָר אויסרײַ־ײַ־ײַסן.

אלטעלע (לאכט זייער שטארק).

ר׳ גאווריִעל (נעמט אָן יעראכמיִעלן בא דער האנט און ווארפט אים ארויס דורך דער מי־טלסטער טיר): גיי צו אלדי שווארצע יאָר!

יעראכמיִעל (גייט אַוועק).

## דרײַצעטער ארײַנקום

ר׳ גאווריִעל, אלטעלע

ר׳ גאווריִעל: אזוי לײַדט מען זיך אָן פון די מעשאָרסים, — ער האָט גראָד פארקערט דערציילט, ווי ר׳ שמועל נעבעך האָט אים געהייסן מיך בעטן; ער האָט נעבעך מיך געמוזט הייסן בעטן, אז ער וועט מיר שוין הײַנט נישט אָפּגעבן די צוויי הונדערט קערבלעך, וועל איך אים שוין מעגן פארקלאָגן אין דער פּאָליציי ארײַן.

אלטעלע (לאכט): הא־הא־הא! איך האבע זעהר גערן צוצוהערען, ווי איהר בע־דינטע שפּריכט. (זי שפּעט אים נאָך) אין דער פּאָ־פּאָ־פּאָ־פּאָ־פּאָליציי ארײַן — הא־הא־הא־הא!

ר׳ גאווריִעל (אין דער שטיל צו זיך): איך מוז איר זען געשווינד דעם פּיסק צו פארשטאָפּן — דער שוטע איז נאָך גאָר קאפּאבל דאָס דער מאמעניו צו דערציילן. (הויך) גילדענע פרידעריקעניו! איך האַב אינע דאָ געבראכט א מאטאָנע, וועלן זי אוואדע א גרויסע האנאָע האָבן.

אלטעלע: אָ, צײַגען זי נור, איך ביטע איהנען.

ר׳ גאווריִעל (נעמט ארויס א פינגערל פון קעשענע און גיט איר עס): גיבן זי מיר נאָר דאָס גילדענע הענטעלע, וועל איך עס איטע אליין אָנמעסטן.

אלטעלע (גיט ר׳ גאווריִעלן די האנט, און ער מעסט איר אָן דאָס פינגערל).

ר׳ גאווריִעל: אוי וויי! ווי שיין! זעען זי נאָר, ווי דאָס פינגערל טייט אינע אָן! אוי וויי! ווי קינצלעך!

אלטעלע (פרייט זיך): איך דאנקע איהנען. איך ביטע איהנען, מײַן ליבער גאברי־עלע, וואס זינד דען דאס פיר שטיינע?

ר׳ גאווריִעל: א, דאָס זענען זייער טײַערע שטיינער. אָבער עמעס, זיי זע־נען שיין? זעען זי, דער — דער איז א טאפּאָז, און די צוויי דאָ זענען גאָרפינקלען, און די איבעריקע זענען סאמע שמערגאָזלעך און כאפּטאָזלעך. (ער בייגט זיך אוועק פון אלטעלען און מאכט כויזעק אויס איר און לאכט).

אלטעלע: מײַן ליבער גאבריִעלע, יעצט ווארטען זי, ווערדע איך איהנען ווידער צײַגען, וואס פיר איין פרעזענט איך האבע איהרענטוועגען. (זי וויל אוועקלויפן).

ר׳ גאַוורי̤על (האַלט זי צו און לאָזט זי נישט אוועקגיין): נו, וואָס ווילן זי דאָ גראָד אַצינדערט! איך וועל נאָך שפּעטער אויך צײַט האָבן צו זען, איך גלייב אינע, עס איז אוואַדע שיין.

אַלטעלע: וואַרטען זי נור איינע מינוטע, איך ווערדע נור די מוטער רופען. (זי שרײַט גאַנץ הויך) מאַמעניו! מאַמעניו! מאַמעניו!

## פערצנטער אַרײַנקום

סערקעלע, אַלטעלע, ר׳ גאַוורי̤על

סערקעלע: וואָס שרײַסטו דאָס אַזוי, מײַן לעבן? וואָס ווילסטו, מײַן האַרץ?

אַלטעלע: זע נאָר, מאַמעניו, וואָס מײַן ברייטיגאַם האַט מיר געשענקט (זי ווײַזט איר דאָס פינגערל) איך ביטע דיך, מאַמעניו! צײַג אים נור, וואָס דו האַסט אַלעס זײַנעטוועגען געקויפט.

סערקעלע (באַקוקט דאָס פינגערל און גיט עס ווידער אַלטעלען אָפּ): ווו וועל איך דאָ אַצינד גיין זוכן? עס ליגט דאָרט ערגעץ צווישן דעם צירונג פאַרפּאַקט, אוי, מײַנע קויכעס!

אַלטעלע (גיט סערקעלען אַ קוש אין דער האַנט אַרײַן): איך ביטע דיך, מאַמעניו, צײַג איהם, צײַג איהם באַלד!

ר׳ גאַוורי̤על (איז אַביסל ווי מעוואָלוואָל געוואָרן): ע, ווי וועט זיך דאָ די מעכו־טענעסטע איצט מאַטרי̤ען זײַן! איך וועל נאָך שפּעטער אויך צײַט האָבן צו זען, לאָזט גיין, איך ווייס גאַנץ גוט, עס וועט מיר נישט פאַרפאַלן ווערן.

אַלטעלע: ניין, ניין, מאַמעניו! גאָלדענע מאַמעניו! געה, געה, צײַג איהם גלײַך! (זי נעמט זי אַרום און קושט זי).

סערקעלע: נו, נו, איך גיי שוין. (זי גייט אין שלאָפצימער אַרײַן).

ר׳ גאַוורי̤על: ביטער! (ער בלײַבט שטיין גאַנץ מעוואָלוואָל און פאַרטראַכט).

אַלטעלע: דאַ ווערדען זי עטוואַס שענעס זעהען, זי ווערדען ני ערראַטען[1] — איך זאַגע איהנען, עס איזט הערליך.

ר׳ גאַוורי̤על (אין דער שטיל צו זיך): שלעכט, גאַוורי̤על! מאַך דיר אַ האַרץ!

סערקעלע (קומט צו לויפן פון דעם שלאָפצימער, ברעכט זיך די הענט און שרײַט): אוי ווײ! גוואַלד! איך כאַלעש! גוואַלד!

(ביידע מיט־אַמאָל:)

אַלטעלע (לויפט צו צו סערקעלען): וואַס איזט דאַס? (זי שרײַט) גוואַלד! גוואַלד!

ר׳ גאַוורי̤על (שרײַט זייער): מעכוטענעסטע־לעבן! וואָס איז דאָס? וואָס איז דאָס?

סערקעלע (שרײַט זייער שטאַרק): גוואַלד! מע האָט מיך באַגאַנוועט, איך בין אַוועק! אוי ווײ מיר! וואָס וועל איך איצט אָנהייבן? וואָס וועל איך איצט טון? (זי שרײַט נאָך העכער און שלאָגט זיך מיט ביידע פויסטן אין קאָפּ אַרײַן) אוי ווײ, מײַן האָב! מײַן פּראַצע! מוישע! מוישע! מע האָט דאָך אונדז נעבעך גאָר בעדאַלעס געשטעלט! גוואַלד! גוואַלד! מײַן צירונג! מײַן צירונג! גוואַלד!

[1] טרעפן. — רעד.



ר׳ גאַוורי̤על: אום גאָטעס ווילן, זאָגט נאָר מיר, וואָס פעלט אײַך, וואָס זענט איר געפאַלן? שרײַט נאָר נישט אַזוי! דאָס צירונג — זאָגט איר, — עס איז אוואַדע דאָ, זוכט נאָר, זוכט נאָר גוט!

סערקעלע (קנײַפּט זיך מיט ביידע הענט אין די באַקן אַרײַן, ברעכט זיך די הענט און שלאָגט זיך אין קאָפּ אַרײַן, לויפט אַרום אין שטוב און שרײַט און וואַרפט זיך אַנידער אָף דער קאַנאַפּע): אוי, פינצטער איז מײַן וועלט! דאָס גאַנצע קעסטל מיט צירונג איז נישטאָ! אוי, פאַרוויסט איז מײַן לעבן! איך כאַלעש! אוי, זוכטס, קינדער! זוכטס! אוי, גוואַלד! קומטס, קומטס, אָט־אַ־דאָרט איז עס געשטאַנען, אין שלאָפצימער, אין מײַן בעט, צוקאָפּנס! קומטס, קומטס, לאָמיר זוכן, גוואַלד! (זיי לויפן אַלע אין שלאָפצימער אַרײַן. דער פאָרהאַנג לאָזט זיך אַראָפּ).

סאָף פון דעם דריטן אופצי

## פערטער אופצי

עס קומט פאָר די אייגענע שטוב ווי בא דעם ערשטנ אופצי; עס איז נאכט; אפ דעם טיש ברענט זיך א ליכט.

### ערשטער אריינקום

סערקעלע, ר׳ גאוורִיעל (זיי זיצנ ביידע באם טיש)

סערקעלע: הינט זאָלנ וווינענ אינ אזוי א שטאָט! מע זאָל אינ אזוי א גרויסער שטאָט נישט קענענ קריגנ איינ מענטש, וואָס ער זאָל מיר קענענ עפּעס אב אייצע געבנ!

ר׳ גאוורִיעל: גלייבט מיר, מײַנ ליבע מעכוטענעסטע־לעבנ, אז איך וויים אײַך אינ דער זאך גאָרנישט צו ראָטנ. וואָרנ בא אזוי אנ אינטערעס איז דאָס בעסטע, אז מע טוט נאָר נאָך זײַנ אייגענעם סייכל; וואָרנ איר, זאָלט לעבנ, ווייסט דאָך בעסער פונ איטלעכנ, ווו איר האָט געהאט דאָס קעסטל שטיינ, אונ קענט אלע אײַערע הויזלײַט אונ אײַנגייערס זייער גוט,— נו, דאכט זיך מיר, אז איר וועט מיט אײַער קלוגנ סייכל מער קענענ פויעל זײַנ, ווי אונדז אלע.

סערקעלע: אוי, מײַנע קיִכעס! ווייסט איר, עס האָט מיך פונ פריִער אָנ— אפ אלע וויסטע ווילדער געזאָגט —אָנגעכאפּט אָנ א זײַט א קלעמעניש, אז איך וויים גאָרנישט, ווו איך בינ ערגעץ אינ דער וועלט. הערט־זשע צו, מײַנ ליבער ר׳ גאווריִעל! איך האָב מיך גאָר אנדערש מעיאשעוו געווענ: מײַנ דייע העט געווענ, אז איר זאָלט אײַך אביסעלע מיט רעדלעכנ צעשמועסנ, נאָר, פארשטייט איר מיך, אזוי קלוג, טאקע קלוג, אז ער זאָל זיך גאָרנישט שטויסנ. דאָס הייסט רעכט —איך באַדארף דאָך אײַך נישט ערשט צו לערנענ. אונ איך וועל מיך אליינ נעמענ צו הינדענ אונ זי ווידער אביסל אויספאָרשנ, אונ איך זאָג אײַך, אז דאָס הארץ זאָגט מיר אלץ, אז מיר וועל׳מיר אוואדע מיט גאָטס הילף אלץ בא זיי געוואָר ווערנ.

ר׳ גאוורִיעל: דאָס, זעט איר, מעכוטענעסטע־לעב, האָט מיר נישט פאריבל, רעדט איר ווי א קינד —וואָט מיינט איר, רעדלעך איז עפּעס א נאר? רעדלעך וועט זיך נישט טייקעפּ שטויסנ, ווי איך וועל נאָר אָנהייבנ מיט אים צו שמועסנ, נאָך וואָס איך בינ צו אים געקומענ? אוביפראט נאָך, אז ער איז יאָ א גאנעוו —וועט ער זיך נישט היטנ מיט איטלעכנ וואָרט, וואָס ער וועט רעדנ? —איבער דאָס איז מײַנ אייצע גאָר אנדערשט, אז איר זאָלט לייסאטע גאָר אינגאנצנ לאָזנ גיינ אונ אײַך גאָרנישט וויסנ מאכנ, אויב עס פעלט אײַך גאָר עפּעס, אונ איך בינ אײַך באָטועך, אז אינ א קורצער צײַט וועט אלץ ארויסקומענ ווי בוימל אפנ וואסער; וואָרנ דער גאנעוו וועט דאָך דאָס צירונג אוואדע עמעצנ וועלנ פארקויפנ, אונ ווער, זאָגט מיר נאָר, קענ דאָס הי נישט אײַער צירונג? —וועט מענ אײַך אוואדע אלץ אָפּברענגענ אינ שטוב ארײַנ גאָר אומגעריכט.

סערקעלע: נו יאָ, איר זענט עפּשער גערעכט; מיינט איר אָבער, אז איך וועל עס ביז דעמלט קענענ אויסהאלטנ? וועל איך קענענ רוענ? וועל איך קענענ לעבנ? —איז דאָס גאָר פאר מײַנע קיִכעס אזוי א ווייטעק אויסצוהאלטנ? אָט גייט יאָנטעוו־לעב, אינ וואָס גייט מענ אינ דער הייליקער שול ארײַנ? איך וועל דאָך אפילע נישט אמאָל קענענ אפ דער גאס ארויס מיך ווײַזנ, אוי, מײַנע קיִכעס!

ר׳ גאוורִיעל: איך פארשטיי אָסער נישט —האָט מענ אײַך דענ גאָר דאָס גאנצע צירונג אוועקגעטראָגנ? ווי קענ מענ ריידנ, עס האָט דאָך אײַך פאָרט נאָך עפּעס געמוזט בלײַבנ?

סערקעלע: וואָס טײַטש? וויִאזוי האָט מיר געקענט בלײַבנ, אז מײַנ גאנצ צירונג איז געלעגנ נאָר אינ איינ קעסטל, אונ דער גאנעוו האָט עס אינגאנצנ צוגענומענ, נו, וויִאזוי איז מיר געבליבנ? צו דעם אלעם אָבער איז דער פינצטערער גזאר־דינ נאָך אזוי גרויס, אז דאָס האָט דאפקע גראָד אָנ דעם טאָג געדארפט צו געשענ, ווענ דאָווידס יאָרצײַט איז, אונ דער גאנעוו האָט עס נאָך אזוי אָפּגעטשיפּערט, ווײַל ער האָט געוווּסט, אז עס קומט אָנ דעם טאָג קיינ שום שטיקל צירונג נישט אפ מײַנ לײַב ארופ! אוי, ווינד אונ וויי איז מיר! איך ווער דאָך שוינ טאקע שיר נישט מעשוגע פאר צאָרעס! אונ דאָס ערגסטע איז נאָך, אז עס וויל מיר אפילע קיינער קיינ אייצע נישט געבנ, וואָס איך זאָל טונ, אוי, מײַנע קיִכעס! עס איז, כלעבנ, טאקע עמעס, אז ווענ דער וואָגנ פאלט, זענענ די רעדער צו שווער.

ר׳ גאוורִיעל: נו, אדעראבע, וואָס קענ מענ אײַך דאָ פאר אנ אייצע געבנ? —אָסער, אויב איך וויים.

סערקעלע: נו, בעט איך דאָך אײַך, פאָלגט מיך נאָר דאָס איינע אונ שמועסט מיט רעדלעכנ; וואָס האָט איר מוירע? ער וועט דאָך אײַך דאָ קיינ פאטש נישט געבנ —איך, ווייסט איינ גאָט, קענ דעם גאנעוו נישט אינ פּאָנעם ארײַנ קוקנ.

ר׳ גאוורִיעל: נו, ווייסט איר זשע וואָס? מעכוטענעסטע־לעב, איך וועל אײַך שוינ דאָס אויך צוליב טונ, איר זאָלט דערנאָך נישט זאָגנ אזוי אָבער אזוי, נאָר דאָס איינע וועל איך אײַך נאָך בעטנ, אז איר זאָלט מיר אויך עפּעס נאָכגעבנ.

סערקעלע: נו, זאָגט נאָר, זאָגט וואָס?

ר׳ גאוורִיעל: איר זאָלט מויכל זײַנ שיקנ נאָך ר׳ יויכענענ, אז ער זאָל מיר אויך אביסל העלפנ, אונ איר מעגט באָטועך זײַנ, אז איך וועל מיט אים באנאנד דעם באָכער אויספרעגנ, וועלנ מיר אוואדע פונ אים געוווּיר ווערנ אפילע דאָס, וואָס ער האָט אונטער דעם לעבער, וואָרנ וואָס צוויי איז פאָרט נישט איינער.

סערקעלע: יאָ, דאָס איז עמעס, נאָר ווענ קענ דאָס זײַנ?

ר׳ גאוורִיעל: ווענ איר ווילט, פונמײַנעטוועגנ כאָטש נאָך הײַנט.

סערקעלע: נו, גוט, אָט גיי איך טייקעפּ שיקנ נאָך ר׳ יויכענענ, אונ איר קענט אײַך דאָ ביידע אנידערזעצנ אונ אים לאָזנ ארײַנרופנ; איך וויל אפילע גאָר־נישט דערבײַ זײַנ. (זי הייבט זיך אופ אוועקצוגיינ).

ר׳ גאוורִיעל: ווו איז ער דענ, דער באָכער? ער איז דאָך אוואדע בא זיך אינדערהיים; ווער וויים, אויב ער וועט גאָר וועלנ אהער קומענ?

סערקעלע: ע, וואָס רעדט איר! ער איז שוין דאָ בא מיר, דער אכבעראָש! איך האָב מוירע געהאט פאר דעם, אז ער וועט ניט קומען, האָב איך אים געלאָזט אהער פארנארן און האָב אים געהייסן זאָגן, אז מײַן מוישע רופט אים, — און ווי ער איז אהער געקומען, האָב איך אים שוין נישט מער געלאָזט אהיים, און אזוי זיצט ער דרינען אין קיכשטוב, און צוויי שאמאָסים פּילנעווען אים.

ר' גאוורִיעל: דאָס האָט איר זייער גלײַך געטון. איצט אָבער מאכט־זשע שוין גאָר קיין שׂיִעס נישט און שיקט טייקעף נאָך ר' יויכענען, וואָרן עס וועט שפּעט ווערן; און זײַט אים טאקע מוידיִע נאָך וואָס, און גרייט אָן עפּעס א טרונק, קעדיי ער זאָל גיכער קומען, וואָרן ער האָט דאָס נישט פײַנט.

סערקעלע: איך וועל שוין דאָ אלץ ארײַנשיקן. (זי וויל אוועקגיין).

ר' גאוורִיעל: איקער שאָכאכטי, קומט נאָר צוריק, נאָך איינס האָב איך אײַך צו פרעגן.

סערקעלע (קערט זיך אום צוריק): וואָס נאָך ווילט איר, וואָס?

ר' גאוורִיעל: וואָס וועט אָבער זײַן, אז רעדלעך וועט זײַן אזוי א קלוגער יונג און וועט זיך האלטן בא איין וואָרט? וואָס וועט איר טון, אז ער וועט נישט וועלן מוידע זײַן דעם עמעס, הע?

סערקעלע: פאר דעם זאָרגט אײַך גאָרנישט! אז ער וועט דאָ נישט וועלן מוידע זײַן, וועט ער שוין ערגעץ אנדערש מוידע זײַן! טוט איר נאָר דאָס אײַעריקע און זאָרגט אײַך גאָרנישט פאר מיר, איך וועל שוין טון דאָס מײַניקע. (זי גייט אוועק).

## צווייטער ארײַנקום

ר' גאוורִיעל (אליין)

פאר איר קויעך זאָל זי דאָס האָבן, וואָס זי וועט בא אים אויספאָרשן. רעדלעכן האָט זיך אויך גראָד דעמלט פארגלוסט אהער צו קומען מיט הינדען זיך צו שפּילן! דאָ וועט שוין גאָרנישט העלפן: אז זי האָט זיך איינמאָל אײַנגערעדט, אז רעדלעך האָט זי באגאנוועט, איז שוין אן עק. און אז עס זאָל דאָ אפילע שוין קומען דער נאָסי פון באָוול, וועט ער איר דאָס אויך שוין נישט קענען אויסרעדן. א ראכמאָנעס, כלעבן! — זי וועט אים אוואדע אָנטון געבּרוינטע לייד, ער וועט זיך דאָס נעבעך א קריִע רײַסן. גאָר קיליקאָווער מישפּעט! איך מוז אָבער פאָרט זען אים עפּעס א טויווע צו טון, איך מוז זי זען צו בעטן, אז זי זאָל אים כאָטש נישט אָפּגעבן אין קרימינאל ארײַן. איך ווייס אָסער נישט, וואָס מע הייבט דאָ אָן מיט אים צו רעדן! נאָר עס וועט דאָך זײַן א קערמעש. זי מיינט, אז פון ר' יויכענענס וועגן האָב איך דאָס געהייסן צוגרייטן א שוועך, ניין, ניין, איך אליין נעבעך באדארף די מײַסע! גאוורִיעל, מאך דיר א הארץ!

## דריטער ארײַנקום

ר' גאוורִיעל, ר' יויכענען, כאיִם (מיט א לאנטער, א פלאש מעד און צוויי גלעזער)

ר' יויכענען: גוטן אָונט אײַך, ר' גאוורִיעל!

ר' גאוורִיעל: גוטן אָונט, גוט יאָר, באָרעך האבאָ, ר' יויכענען!



ר' יויכענען (צו כאיִמען): גיי־זשע און רוף אים ארײַן און זאָג אים גאָרנישט, ווער עס רופט אים, הערסטו?

כאיִם (גייט אוועק): גוט.

ר' יויכענען: דעם מאסע־אומאטן, האָט א פּאָנעם, האָב איך אײַך צו פארדאנקען, איר האָט דאָס געמוזט נארײַען, מע זאָל שיקן נאָך מיר.

ר' גאוורִיעל: ווער, איך? אָסער! איך ווייס מער נישט, סערקע האָט מיך געשיקט אהער רופן, און ווי איך בין געקומען, האָט זי מיר געזאָגט, אז זי האָט שוין נאָך אײַך אויך געשיקט, אז מיר זאָל'מיר דאָ זען ביידע בא רעדלעכן אויסצופאָרשן, אויב ער האָט איר קעסטל צירונג גענומען; און ס'אנדערע, וואָס ארט אײַך דאָס? אָט, מעד איז דאָ גענוג.

ר' יויכענען: יאָ, דאָס איז שוין רעכט. (ער זעצט זיך און גיסט אָן ביידע גלעזער) נאָר נאָך וואָס האָט מיר דאָס געטויגט? איך זאָג אײַך דעם עמעס, עס וועט די גאנצע שטאָט פארדריסן, מע זאָל פלוצלינג נעמען אן ערלעכן יונג און אים מאכן פאר א גאנעוו. קומט מײַן שמוע אפיר, איך קום אויך הי אין נעגידישע הײַזער ארײַן און האָב אים עטלעכע מאָל געהערט ליִבן פאר אן ערלעכן סטודענט. אפילע ר' דאָוויד, אָלעוו האשאָלעם, האָט זיך אמאָל ארויסגעכאפּט מיט א וואָרט, אז ער וויל אים גאָר נעמען פאר אן איידעם, איך האָב מיך דעמלט געריכט אסאך שאדכאָנעס צו פארדינען.

ר' גאוורִיעל: נו, עס איז דאָך אָבער שוין פארפאלן. גלייבט מיר, אז די גאנצע מײַסע איז מיר אליין אויך נישט ניכע, און איך האָב, כלעבן, כאראָטע, וואָס איך האָב דער מעכוטענעסטע גאָר צוגעזאָגט מיך צו פּאָרען ארום דעם אייסעק, נאָר מיר זענען שוין אין דער ארבעט, מע קען דאָך עס שוין נישט בעסער מאכן. (ער טרינקט) לעכאיִם, ר' יויכענען!

ר' יויכענען: לעכאיִם וועליוואָכע! (ער טרינקט) קיין כײַעס נישט פון א גלעזל מעד.

## פערטער ארײַנקום

ר' יויכענען, ר' גאוורִיעל, רעדלעך, צוויי שאמאָסים (פירן אים)

רעדלעך: וואס וואָלט איהר פאָן מיר? וואָהין פיהרט איר מיך?

ר' יויכענען: האָב נאָר גאָר קיין מוירע נישט, אונדז וועל'מיר דיר דאָ גאָרנישט טון. (צו די שאמאָסים) און עץ גייטס אײַך צוריק ארײַן; אז מע וועט אײַך דארפן, וועט מען אײַך שוין ארײַנרופן.

שאמאָסים (גייען אוועק).

ר' גאוורִיעל (צו רעדלעכן): זעצט אײַך אנידער. (צו ר' יויכענען) ווי געפעלט אײַך דער מעשאָרעס, דער שויטע! נאָר צוויי גלעזלעך האָט ער ארײַנגעבראכט! (ער טרינקט אויס זײַן גלעזל מעד, גיסט ווידער אָן און גיט רעדלעכן) טרינקט א גוט גלעזל מעד.

רעדלעך: איך דאנקע איהנען, איך טרינקע קיינע גײַסטיגע געטרענקע.

ר' גאוורִיעל: נישקאָשע, טרינקט, טרינקט, איר שטודירט דאָך דאָקטערײַ, עס מוז דאָך בא אײַך אין די ביכער אויך שטיין געשריבן, אז מעד איז זייער א געזונטע מאשקע?

ר׳ יויכענען: נו, וואָס נייט איר אים דאָ? קומט מײַן שמוע אפיר, פרעגטס נישט דעם רויפע, נאָר דעם כוילע: מיר צו מײַנע מערידן, וויס איך, מאכט דער מעד זייער גוט, פונדעסטוועגן האָב איך פײַנט, אז מע נייט מיך, איך זאָל דאפקע טרינקען. (ער טרינקט).

ר׳ יויכענען: צי דאכט זיך מיר, איך האָב דיך אמאָל געזען אויבן בא ר׳ ייִצכאָק רויטפעלד?

רעדלעך: מעגליך.

ר׳ יויכענען: פלעגסטו דאָרט אָפט ארײַנצוקומען?

רעדלעך: ווען עס מיר די צײַט ערלויבטע.

ר׳ יויכענען: דו האָסט דאָרט עמעצן געמוזט געבן א שאָ?

רעדלעך: ניין.

ר׳ יויכענען: וואָס דען ביסטו דאָרט געווען פאר א מעכוטן?

רעדלעך: ער איזט מיט מיר אויס איינער שטאדט אונד איזט צוגלײַך מײַן בעסטער פרײַנד.

ר׳ יויכענען: דײַן פרײַנט? אָך איז מיר! ר׳ ייִצכאָק רויטפעלד — דײַן פרײַנט? ווי קומסטו צו אים? דו רעדסט דאָך עפּעס נארישקײַט! ער איז א גרויסער אוישער און פון שיינע לײַט דערצו, כאָטש ער גייט דײַטש — מיילע, ווי קומסטו צו אים?

רעדלעך: ער פלעגט מיט מײַנעם זעליגען פאטער אין דער אינטימסטען פרײַנד־שאפט צו לעבען אונד איזט עס נון מיט מיר.

ר׳ יויכענען: דײַן טאטע האָט געהייסן זעליק?

רעדלעך: מײַן פאטער וואר ר׳ סאלאָמאָן רעדליך אויס פראג.

ר׳ יויכענען: ר׳ זאלמען רעדלעך פון פראָג? — איך האָב אויך אמאָל פייסעך געהאלטן אין פראָג בא איינעם ר׳ זאלמען רעדלעך, נאָר, קומט מײַן שמוע אפיר, איין רויטע קו איז פאראנען? מיסטאמע האָבן דאָרט געמוזט זײַן צוויי ר׳ זאלמען רעדלעכס; ווארן דער, וואָס איך האָב בא אים געגעסן פייסעך, איז געווען א גרויסער גוויר, א גרויסער אדיר, און צו דעם זייער א קאָשערער ייִד, כאָטש ער איז געגאנגען דײַטש. איך האָב מיר דאָרט בא אים געהאט א קינצלעכן יאָנטעוו! די מײַכאָלים! די מאשקאָעס! עס איז עפּעס געווען אין איטלעכן טויזנט טאמים, און אלץ אין זילבערנע קיילים! איך געדענק אזויווי הײַנט, מע האָט דעם אנדערן טאָג פייסעך אינדערפרי אופגעגעבן אפן טיש א צימעס — דאָרט אין טיפ־דײַטשלאנד רופן זיי עס אָן אפ דײַטש „א צאָמאס" — קען איך בענעמאָנעס שווערן, אז דער טאם ליגט מיר נאָך אין מויל. און ווער שמועסט נאָך דעם עסן, האָט דער מענטש אביסל אָנגע־הויבן צו שיטן מיט טוירע, מעגט איר מיר גלייבן, קומט מײַן שמוע אפיר, מע קען דאָך נישט אלץ אזוי געדענקען, אָבער איך זאָג אײַך, איך בין גאָר ניוול ווענישטוי־מעם געוואָרן — עס איז עפּעס געווען מאָסעק מידוואש! (ער טרינקט).

ר׳ גאווריִעל (צו זיך אין דער שטיל): דער טאם פון דעם צאָמאס ליגט אים נאָך אין מויל, און די טוירע קען ער נישט געדענקען!

ר׳ יויכענען: און איסרעכאג, צום געזעגענען, האָב איך נאָך געקריגן זייער א פײַנעם ציידע־לעדערעך; איך זאָג אײַך, איך האָב פון דעם ר׳ זאלמען אזוי־



מעקאבל טײַנעג געווען, וואָס איך קען אײַך גאָרנישט דערציילן אזוי פיל. מיילע, אז דו ביסט יאָ א פרעגער, האָסטו דאָך אים געמוזט קענען? זײַן ווײַב האָט געהייסן לייע. זי מעג הייסן לייע, ווארן אזוי א צנוע, אזוי אן אישע קשײרע איז גאָר בא אונדז נישט בענימצע — האָסטו זיי געקענט?

רעדלעך (ווישט זיך אויס די אויגן און וויינט): אָ, לײדער, זינד זי ביידע ניכט מעהר.

ר׳ יויכענען: אזוי? זיי זענען גאָר ארויס פון פראָג? עס איז מיר אפילע א גרויס כידעש. — צו האָבן זעלכע נאכלאָעס אין אזוי א גרויסער שטאָט ווי פראָג איז, און זיך פלוצלינג גאָר פון העלער הויט ארויסצוציִען? ווו וווינען זיי אצינד?

רעדלעך (וויינט זייער שטארק און ווײַזט מיט דעם פינגער ארוף צום הימל): דאָרט, וואָ יעדער אונטערשיד אויפהערט, דאָרט, וואָ יעדער נאך וואהרען פערדינסטען בעלאָהנט ווירד; דאָרט, וואָהין, די וועלטליכען גיטער היר צוריקלאסענד, יעדער מענש וואנ־דערן מוס.

ר׳ יויכענען: וואָס? ר׳ זאלמען איז געשטאָרבן? באָרעך דײַען עמעס! אָ־ווא! א שאָד, א גרויסער שאָד, כלעבן! א קאָשערער ייִד געוועזן. און לייע אויך? — דאָס הייסט א צאָרע, ראכמאָנע ליצלאָן. (ער איז זיך אביסל מעיאשעוו). מיילע, זאָג־זשע מיר נאָר, איך בעט דיך, עס האָט עפּעס געמוזט איבערבלײַבן א באָכערל נאָך זיי? קומט מײַן שמוע אפיר, איך דערמאן מיך נאָך אזויווי הײַנט, איך האָב דאָרט געזען זייער א שיין ייִנגעלע באם טיש זיצן — ווו איז עס נעבעך אהינגעקומען?

רעדלעך (ווישט זיך אויס די אויגן): אָ, דיזעס באָכערל האט ניכט נור אליין זײַנע בראפע, ליבענסווירדיגע עלטערען, זאָנדערן אויך איהר גאנצעס הינטערלאסענעס פערמעגען דורך פערשידענע אונגליקספעלע פערלאָרען אונד שטעהט יעצט אויף דען פונקט אויך זײַנען גוטען רופ צו פערלירען.

ר׳ יויכענען: וואָס? דאָס פארמעגן האָט ער אינגאנצן אָנגעווירן? איך בין אוועק, אזוי אן אשירעס! אזוי א האָב, ווי אין דעם הויז האָט געשטעקט! אָ־ווא! ווייסטו, איך פלאץ שיר פאר אגמעסנעפעש! (ער טרינקט) מיילע, זאָג מיר נאָר, זאָלסט מיר געזונט זײַן, ווער איז דאָס דער גוטער ראָוו, וואָס דו זאָגסט עפּעס, אז דער קליינער וועט אים פארלירן?

רעדלעך: איך רעדע היר פאָן קיינען ראָוו, זאָנדערן פאָן דען גוטען רופ, דאס הייסט, פאָן דען שעם טאָוו, דען דער יונגע רעדליך יעצט פערלירען זאָל.

ר׳ יויכענען: דעם שעם טאָוו מיינסטו? דערצייל מיר נאָר, איך בעט דיך, וויאזוי פארלירט מען דאָס א שעם טאָוו? (ער טרינקט).

ר׳ גאווריִעל (טרינקט אויך): פונדעסטוועגן באדארפט איר נישט אזוי צו וויינען, מײַן ליבער ר׳ רעדלעך, ווארעם מאלעם עס שטארבט אין שטאָט אן אוישער אָדער א שיינער ייִד, פונדעסטוועגן יאָמערט מען גאָרנישט אזוי *שטארק*.

רעדלעך: הערען זי ערשט, דאַנן ווערדען זי צו אורטיילען וויסען. דיזער ר׳ סא־לאָמאָן רעדליך זאמט ¹) זײַנער פרוי לייע זינד, נאכדעם זי צוויי יאהרע בעשטענדיג קראנק וואהרען, אין איינעם מאָנאטע געשטאָרבען. נאָך וועהרענד איהרעס לעבענס ערב־טען ) די בעריהמטעסטען ערצטע און אפאָטהעקער די איינע העלפטע איהרעס פערמעגענס,

¹) צוזאמען. ²) נאָך בייס זייער לעבן האָבן געיארשנט. — ר ע ד.

זאָ ווי די אדפאָקאטען די אנדערע העלפטע נאך איהרעס טאָדע, אונד איהר צוריקגעלאסענעס באָכערל ווורדע געגעטהיגעט צו דער מילדטעטיגקייט איינעס פרעמדען, נאמענס ר׳ דאָוויד גוטהערץ, דער איינ אלטער בעקאנטער זיינער עלטערען וואר, זיינע צופלוכט צו נעהמען [1]). דיזער ר׳ דאָוויד נאם זיך דיזעס קינדעס אן אונד פערטראט ביי דיזעם די פאטערשטעלע. אלס אבער דער קעלך [2]) דער ליידען נאָך ניכט צום איבערפליסען פאָל וואר, זאָ געפיל עס דער פאָרזעהונג [3]), איהן מיט דען טהייערסטען זיינער יעצטיגען קאָסטבארקייטען צו ערפילען: נעהמליך, דיזער ר׳ דאָוויד גוטהערץ שטארב פלעצליך אויף זיינער רייזע נאך אמעריקא אונ זעצטע זיינע שוועסטער סערקעלע אלס אוניווערזאל־ערבין [4]) זיינעס גאנצעס פערמעגענס איין. נון מוסטע דיזער איינציקע זאָהן דעס ר׳ סאלאָמאָן רעדליך זיין שטיקכען בראָט מיטעלסט לעקציאָנען [5]) געבען מיהזאם פערדינען. איינע דיזער לעקציאָנען האטע ער ביי גענאנטער סערקעלע צו געבען... (ער גיט זיך פלוצלינג א שטעל־אוף פאר ר׳ יויכענען) אונד שטעהט יעצט פאָר איהנען, פאָן דיזער סערקעלע איינעס שענדליכען דיבשטאהלס [6]) בעשולדיקט. (ער וויינט).

אלע (בלייבען זיצען א פאָר מינוטען גאָר שטיל).

ר׳ גאווריעל: מיילע, האָט דאָך עפּעס א פּאָנעם, אז איר אליינ זענט דאָך ר׳ זאלמענס זון?

ר׳ יויכענען: וואָס? דו ביסט דאָס ר׳ זאלמענס בעניאָכיד?

רעדלעך: ליידער, בינ איך עס זעלבסט. (ער וויינט אונ פארהאלט זיך דאָס פּאָנעם מיט א פארטשיילע).

אלע (בלייבען ווידער זיצען א פאָר מינוט שטיל).

ר׳ גאווריעל (צו זיך אינ דער שטיל): גאווריעל! געדענק אָן דיר אליינ, לעמאנעשעם מאך דיר א הארץ! (ער טרינקט) דער מעד איז זייער גוט, טרינקט, ר׳ יויכענען!

ר׳ יויכענען (טרינקט צו רעדלעכן): לעכאיִם, ר׳ זאלמענס זון! (ער טרינקט אויס, גיסט ווידער אָן אונ גיט רעדלעכן) טרינק, כלעבען, א גלעזל מעד, טרינק, טרינק, וועסט האנאָע האָבען, דער מעד איז אביסל מעכייע, טרינק, איך בעט דיך.

רעדלעך: איך דאנקע איהנען, איך טרינקע ווארהאפטיג קיינע גייסטיקע געטרענקע.

ר׳ יויכענען: נו, קומט מיינ שמוע אפיר, עס איז טאָמיד זייער גוט, אז מע צעשמועסט זיך אביסל. זאָג־זשע מיר איצט אָבער, אדעראבע, אז דו ביסט יאָ ר׳ זאלמענס זון, אז איך האָב יאָ געקענט דיינ טאטען אונ דיינ מאמען — פונוואנען קומט דאָס, אז דו זאָלסט אזוי א נישט שיינע זאך טון? מאָל דיר, דו האָסט דאָך אוודע אמאָל געמוזט לערנען כומעש אונ ווייסט דאָך, אז עס שטייט בא אונדז אינ דער הייליקער טוירע אָנגעשריבען „לוי סיגנויוו"? קומט מיינ שמוע אפיר, דאָס איז דאָך עפּעס גאָר קיינ שטייגער נישט, אונ אז עס גייט שוינ א מענטש יאָ אמאָל שלעכט, מוז ער שוינ פאר דאָס ווערנ א גאנעוו?

ר׳ גאווריעל: אוודע איז עמעס, שיקט זיך דאָס גאָר פאר אזוי א יונגנמאן ווי איר זענט?

[1]) איז געוועז געצוווגגען זיך ווענדען (פארלאָזן) צו דער וווילטעטיקייט... א. אז. וו. [2]) דער קאָס. [3]) דער האשגאָכע, גאָט. [4]) איינציקע יורעשטע. [5]) דורך. [6]) גענייווע. — רעד.



רעדלעך: הערען זי, מיינ ליבער ר׳ גאווריעל! איך זאָלטע, אייגנטליך, איןדעם עס מיר זעהר גוט בעוווסט איזט, דאס אלע מיינע וואָרטע פרוכטלאָז בלייבען ווערדען, איהרע פראגע אונבעאנטוואָרטעט לאסען, דען איך וייס זעהר גוט, דאס איהר אויס פאָרורטייל יעדען יידישען סטודענטען פיר איינע מענשען האלטעט, דער יעדעס אונרעכט, יא זאָגאר יעדעס לאסטער [1]), גאנץ אָהנע געוויסענסביסע אויסצוּיבען פעהיג זיי, אונד זאָלטע דארום שאָן מיינע וואָרטע שפארען; אליינ איזט יענע זעלבסטבעוווסטהייט, דאס מאן פאָר דעם אלמעכטיגען גאָט מיט ריינעם געוויסען ערשיינען קענע, אויך הינרייכענד גענוג, דעם קורצזיכטיגען מענשען פאָן זיינער אונשולד צו איבערצייגען. אונד איזט עס דען ניכט איינעס יעדען פפליכט, זיך אויך פאָר דיזעם צו רעכטפערטיגען, אונד, ווי ווייט מעגליך איזט, צו פערטיידיגען? אלזאָ, מיינ ליבער ר׳ יויכענען, נור דיזע פפליכט אליינ איזט עס, וועלכע מיך דאצו נעטיגעט, היר אָדער אינ דער הייליגען שולע ביי אלעם, וואס נור הייליג איזט אינ דער וועלט, אינ געגענווארט דעם היזיגען עהרענווערטען ראבינערס מיטעלסט אבלעגונג איינעס פורכטערליכען שווורעס מיינע אונשולד צו בעצייגען.

ר׳ גאווריעל: א שוווע? בא! — דאָס איז עפּעס פאר סערקעלען קיינ גרויסער מוירע־מוירייגע.

ר׳ יויכענען (צו ר׳ גאווריעלן): האָט מיר נישט פאריבל, פארוואָס? א שוווע איז טאקע א שוווע, נאָר, קומט מיינ שמוע אפיר, (צו רעדלעכן) ר׳ גאווריעל מיינט נאָר, איז דען סערקעלע אזוי א נאר, אז זי זאָל אייך גלייבען אפּ א שוווע?

רעדלעך (כאפט זיך אָן מיט ביידע הענט באם קאָפּ): נון, ווען אויך מיינ ערשטער שוווּר, דען איך אינ מייַנעם לעבען אבצולעגען בעשלאָסען האבע, נון, ווען אויך דיזער מיר זאָ אייסערסט שווערע שריט מיך ניכט צו רעטען פערמאג — (ער הייבט אויף ביידע הענט קעגן דעם הימל) נון, זאָ רעטע דו, דו אלוויסענדער גאָט, דיינ אונשולדיגעס געשעפּס [2]) פאָן דיזער שענדליכען פערלײמדונג [3])! (ער וויינט).

ר׳ גאווריעל (צו זיך אינ דער שטיל): איך קום דאָ אויך גענוג אָפּ כיבעט־האקיִוור.

ר׳ יויכענען: פונדעסטוועגן באדארפסטו נישט אזוי צו וויינען, וואָרן, קומט מיינ שמוע אפיר, סערקעלע איז אויך נישט זייער אומגערעכט, בא איטלעכן מענטש איז דאָס זייניקע זייער טייער, נאָר דאָס גלייכסטע העט געווען, אז דו זאָלסט דיך פאָרט מעיאשעוו זיינ אונ זאָגן דעם עמעס; וואָרן איך מוז דיר מעגאלע זיינ, אז סערקעלע וועט אוודע נישט שווייגן, אונ איך האָב זייער מוירע, אז דו וועסט פונ איר נישט גוט אָפּשנײדן.

ר׳ גאווריעל: אונ איך זאָג אייך אויך, מיינ ליבער ר׳ רעדלעך, אז איך האָב אויך זייער מוירע דערפאר, וואָרן איר קענט דאָך גאָרנישט די סערקעלע, וואָס דאָס פאר א מענטש איז.

רעדלעך (וויינט שוינ ניט, נאָר שמועסט מיט קויעך): גלויבען זי מיר, מיינ ליבער ר׳ גאווריעל, דאס איך דיזע סערקעלע זעהר גוט קענע אונד פיליכט פיל בעסער אלס יעדער, דער זי קענט; יעדאָך פירכטע איך זי יעצט, טראָץ איהרעס אייסערסט באָז־

[1]) פעלער, כעסאָרן. [2]) באשעפעניש. [3]) בילבל. — רעד.

האפטענ[1]) כאראקטערס, גאנצ אונד גאר ניכט; דענ גאָט דער וועלטענריכטער ווייסט, דאס מײַנ געוויסענ ריינ זײַ אונד ווירד, האָפענטליכ, אויכ דאס הערצ דעס קרימינאלריכטערס זאָ לייטענ, דאס זײַנ אורטהייל מײַנער אונשולד ענטשפּרעכענ ווירד.

**ר' גאווריזעל** (צו ר' יויכענענ): מילע, וואָס טויג מיר דאָס, מאכט־זשע שוינ א סאָפ, וואָרנ ווי איכ זע אײַנ, וועלנ מיר דאָ הײַנט מיט אים צו קיינ עק נישט קומענ. מיר האָבנ דאָס אונדזעריקע געטונ אונ געגוג. מאכט אנ עק.

**ר' יויכענענ** (גיסט אָנ ביידע גלעזלעכ אונ נייגט אויס די פלאש): אנ עק איז אנ עק! קומט מײַנ שמוע אפיר, אונדז האָ'מיר געטונ, וואָס עס איז נאָר אינ אונדזער יעכוילעס געווענ (ער טרינקט אויס) אונ אנ עק.

**ר' גאווריזעל** (שרײַט): שאמאָסים! קומט ארײַנ!

**שאמאָסים** (קומענ ארײַנצוגיינ).

**ר' יויכענענ** (צו רעדלעכנ): איצט גיי מיט זיי צוריק, פונוואנענ דו ביסט געקומענ. (צו די שאמאָסימ) אונ הייסט טאקע אינײַנוועגס סערקעלענ ארײַנקומענ.

**שאמאָסים**: גוט, גוט.

**רעדלעכ**: גוטע נאכט, מײַנע הערענ.

**ר' גאווריזעל** אונ **ר' יויכענענ** (ביידע מיטאמאָל): גוט נאכט, גוט יאָר.

**רעדלעכ** מיט די **שאמאָסימ** (גייענ אוועק).

## פינפטער ארײַנקומ

ר' יויכענענ, ר' גאווריזעל

**ר' גאווריזעל** (צו זיכ אינ דער שטיל): געלויבט צו גאָט, אז איכ בינ שוינ דעם פארשווארצטנ קלאָפּאָט פּאָטער געוואָרנ.

**ר' יויכענענ** (נייגט אויס די פלאש): פארוואָס האָט איר אָבער נאָכ אזוי ווייניק מעד געהייסנ ארײַנברענגענ?

**ר' גאווריזעל**: אונ אז איכ זאָל שוינ געווענ הייסנ, וואָלט מיכ סערקע טייקעפ געווענ געפאָלגט?

**ר' יויכענענ**: ע, ווי קענ מענ ריידנ, קומט מײַנ שמוע אפיר, עס איז דאָכ דאָ קיינער נישט איר מעשאָרעס! זי העט אויכ גאנצ גערנ, מע זאָל איר ארבעטנ אומזיסט — איכ וועל איר אָבער נישט שענקענ, נישקאָשע.

## זעקסטער ארײַנקומ

ר' יויכענענ, ר' גאווריזעל, סערקעלע

**סערקעלע** (קומט ארײַנצולויפנ): נו? האָט ער מוידע געווענ?

**ר' גאווריזעל**: בא! עפּעס אזוי, עפּעס אזוי... מע קענ נישט ארויס פונ אים.

**ר' יויכענענ**: וואָס זאָל איכ אײַכ דאָ אסאכ דערציילנ אונ אָנברײַענ, איכ וועל אײַכ ליבער זאָגנ בעקיצער אונ קיינ שיִעס נישט מאכנ: מיר האָבנ אים דאָ

---

[1]) שלעכטנ, פארדאָרבענעמ. — ר ע ד.



געגוג געפּאָרשט, אהינ אונ אהער, איינער אפ דער זײַט, אונ איינער אפ דער אנדערער זײַט, קורצ, קומט מײַנ שמוע אפיר, — מיר האָבנ ביידע, איכ ווי א גוטער פרײַנט, אונ ר' גאווריזעל ווי אײַער כאָסנ, אונדזערע רייד נישט געזשאלעוועט, מיט גוטנ אונ מיט בייזנ, וואָרנ, קומט מײַנ שמוע אפיר, אז מע וויל עמעצנ א טויווע טונ, מוז מענ דאָכ פּרוּווּנ אפ אלע זײַטנ; איכ האָב באזונדער אינ אים ארײַנגערעדט, אונ אײַער כאָסנ, זאָל לעבנ, האָט זיכ באזונדער זייער אסאכ מי געגעבנ אינ דער זאכ, מיר האָבנ אים געשטראָפט אונ מוירעס געמאכט אונ דערנאָכ ווידער געבעטנ מיט גוטע ווערטער, וואָרנ, קומט מײַנ שמוע...

**סערקעלע** (איז זייער אומגעדולדיק, זי פאלט אים אינ די רייד ארײַנ): קומט מײַנ שמוע אפיר אהינ, קומט מײַנ שמוע אפיר אהער, אונ צומ סאָפ ווייס איכ אלצ נישט, וואָס ער האָט געזאָגט, — זאָגט מיר נאָר דאָס איינע וואָרט: האָט ער מוידע געווענ, צי ניינ?

**ר' יויכענענ**: מוידע געווענ, הייסט עס, האָט ער, פראוודע, נישט, נאָר ער זאָגט, אז ער וויל גיינ אינ שול ארײַנ אינ קיטל אונ טאלעס שווערנ בא א רייניקײַט, אז ער ווייסט נישט פונ נישט צו זאָגנ.

**סערקעלע** (שמייכלט מיט קאס אונ מאכט כויזעק): פּשיטע?! — זעט איר, דאָס איז גאָר קיינ קאטאָוועס נישט! רעדלעכ וויל גיינ שווערנ! אָ־ווא! עס גייט זיכ גאָר א מוירע אָנ. (צו ר' גאווריזעל) איכ פארשטיי אָסער נישט, וואָס שווײַגט איר נאָכ, ר' גאווריזעל? רעדט איר אײַכ אויכ דאָס אײַנ, אז איכ בינ דער נאר אונ גלייב אָנ דעמ הולטײַס שוועס?

**ר' גאווריזעל**: איכ האָב שוינ דאָס דאָ פריִער געזאָגט צו ר' יויכענענ.

**סערקעלע**: מיילע, וואָס קומט מיר דאָ דערפונ ארויס, פונ די רייד? איכ האָב מיכ אצינד שוינ גאָר אנדערש מעיאשעוו געווענ, איכ וועל מיר שוינ מיט אים אנ אייצע געבנ. נישקאָשע, סערקע איז נאָכ נישט געשטאָרבנ. ער האָט זיכ גוט דערפרעגט. איכ וועל נאָר אָבער נאָכ איינ פּרוּוו מאכנ אונ הינדענ אביסל אויספרעגנ, עפשער וועל איכ בא איר עפּעס מער פויעלנ, ווי איר האָט בא אים געפּוירעלט — וואָרנ ווי איכ זע אײַנ, איז מיט פרעמדע הענט נאָר גוט פײַער צו שארנ.

**ר' גאווריזעל**: איכ בעט אײַכ, מעכוטענעסטע־לעב, וואָס זענט איר אונדז כוישעד? מיר האָבנ אוואדע געגוג געטונ; אז ער האלט זיכ אָבער בא איינ וואָרט, דאָ, דאכט זיכ מיר, העלפט שוינ קיינ טאליענ אויכ נישט.

**ר' יויכענענ**: נו, אדעראבע, וועלנ מיר זענ, וואָס איר קענט; וועלנ מיר זענ, אויב איר וועט בא הינדענ עפּעס מער געוואָר ווערנ, אונ גלייבט מיר, אז איכ ווינטש עס אײַכ בעטאמ לעוו, אז איר זאָלט מער פויעל זײַנ, ווי מיר, נאָר (ער ציט אופ די פלייצעס) מיר דאכט זיכ, אז אײַער טירכע נעבעכ איז גאָר אומזיסט.

**ר' גאווריזעל**: אי, פארוואָס? איכ האלט מיט דער מעכוטענעסטע, אז פונ הינדענ קענ זײַנ, זי וועט זי נאָר אביסל סטראשענ, וועט זי טייקעפ מוידע זײַנ.

**סערקעלע**: אונ אז זי וועט אפילע נישט וועלנ מוידע זײַנ, איז דאָכ נאָכ דאָ עפּעס א קרימינאל אפ דער וועלט, אוי, מײַנע קויכעס!

**ר' יויכענענ**: עס מוז שוינ שפּעט זײַנ? (ער שטייט אופ) איכ וועל שוינ גיינ אהיימ, אונ אײַכ, סערקעלע, בעט איכ, איר זאָלט אײַכ פּאָרט נישט אזוי אײַלנ מיט

דעם קרימינאַל, וואָרן, קומט מײַן שמוע אַפיר, עס איז פֿאָרט בעסער מיט גוטן, ווי מיט בייזן.

ר׳ גאַווריִעל: דאָס איז ר׳ יויכענען זייער גערעכט, וואָרן אַזוי אַ זאַך קען זיך אַמאָל אָוועקשלעפּן אַ צײַט, איידער מע קומט אַמאָל איבער הונדערט יאָר צו אַ סאָף, און דערווײַל קאָסט געלט. אָט קומט דער מעכוטן, זאָל לעבן, אויך. כלעבן! איבערלייגט אײַך דאָ נאָכאַמאָל דעם גאַנצן אינטערעס מיט אים, איידער איר הייבט אָן אין גרויסע דראָכים אַרײַנצוגיין.

סערקעלע: אָ, דאָ האָט איר אָנגעטראָפֿן דעם רעכטן באַל־אייצע, אוי, מײַנע קויכעס! (זי ווינקט צו זיי, זיי זאָלן נישט דערציילן ר׳ מוישען).

## זיבעטער אַרײַנקום

ר׳ מוישע, סערקעלע, ר׳ גאַווריִעל, ר׳ יויכענען

ר׳ מוישע (קומט גאַנץ שטיל אַרײַנצוגיין, פֿאַרטראַכט און אומעטיק, און קוקט זיך גאָרנישט אום צו קיינעם).

ר׳ יויכענען: גוטן אָוונט, ר׳ מוישע!

ר׳ מוישע (קוקט זיך אום): גוטן אָוונט, גוט יאָר, ר׳ יויכענען! באָרעך האַבאָ! וואָס פֿאַר אַ גאַסט זענט איר דאָס דאָ אַזוי שפּעט?

ר׳ יויכענען: איך האָב געהערט פֿון אײַער געניייווע, בין איך אויך אַהער געקומען געוואָר ווערן, וואָס עס טוט זיך, צי ווייסט איר שוין עפּעס, צי נישט. וואָס מיינט איר, מײַן ליבער ר׳ מוישע, ווער האָט דאָס געקענט טון?

ר׳ מוישע: איך מיין גאָר פּראָסטע, אַזויווי זי האָט עס פֿון אַלדי שוואַרצע יאָר גענומען, אַזוי האָט זי עס ווידער צו אַלדי שוואַרצע יאָר צוריקגעגעבן! אָט פֿרעגט זי, איך פֿלעג איר טאָמיד...

סערקעלע (פֿאַלט אים אין די רייד אַרײַן און לאָזט אים נישט אויסרעדן): וואָס שמועסט איר דאָ מיט אים? וואָס ער קען אַלץ זאָגן! איך האָב עס פּלוצלינג גאָר אַליין אָוועקגעגעבן? איך זאָל נישט הײַנט גאַנץ פֿרי אַליין מיט מײַנע אייגענע הענט אַרײַנ־לייגן אין קעסטל אַרײַן דאָס שטערנטיכל מיט די צווייערליי פּערל און צושליסן מיט דעם שליסעלע און האָב נאָך דאָס שליסעלע צוויי מאָל איבערגעדרייט, דערנאָך דאָס קעסטל טיף אונטערן שטרוי באַ מיר צוקאָפּנס אין בעט אַרונטערגעשטופּט! איך ווייס ניט, עמעץ זאָל טאַקע האָבן צען קעפּ פֿון אויג מעלעך האַבאָשן, העט ער זיך אויך נישט געשטויסן, אַז דאָרט שטייט גאָר אַ קעסטל, אוי ווײ, מײַנע קויכעס! האָט זיך דען גאָר נאָך פֿאַרלאָפֿן אַזוי אַ מײַסע? איז דען נאָך גאָר אין דער וועלט אַזוי אַ שטראָף דערהערט געוואָרן, ווי אַף מיר איז דאָ געקומען?

ר׳ מוישע: אַי, איך האָב טאָמיד געוווּסט, אַז דער סאָף וועט אַזוי זײַן, איך האָב דיר אייביק געזאָגט: „סערקע! אין דעם געלט וועסטו קיין בראָכע נישט האָבן!“ אוי, פֿרעג נישט, סערקע, מיר האָבן זיך געקויפֿט מאַפּטער! אוי, האַלעוואַי אונדזער סאָף זאָל אַמאָל גוט זײַן.

סערקעלע (צו ר׳ יויכענען און צו ר׳ גאַווריִעלן): וואָס טויגן מיר דאָ זײַנע מעשׂה־גענע רייד? וואָרן ער ווייסט נעבעך אַליין, וואָס ער פּלוידערט? נו, מיילע,



פֿאַר הײַנט איז שוין אַן עק,— וואָרן עס איז שוין אָנדאָס שפּעט, איר מעגט אײַך שוין גיין געזונטערהייט, נאָר מאָרגן, מירצעשעם, בעט איך אײַך, איר זאָלט ביידע ווידער קומען צו גיין, וואָרן איך ווייס פֿיל, טאָמער באַדאַרף מען עפּעס, אוי, מײַנע קויכעס!

ר׳ גאַווריִעל: נו, נו, איך וועל אַוודע שוין מיט דעם באַגין דאָ זײַן, וואָרן איך וועל אַוודע נישט קענען שלאָפֿן די נאַכט.

ר׳ יויכענען: איך וועל אַוודע אויך קומען צו גיין, נאָר איך בעט אײַך נאָכאַמאָל, סערקעלע: האָט אין זין, וואָס איך האָב אײַך דאָ פֿריִער געבעטן, וואָרן, קומט מײַן שמוע אַפיר, טוט עס נישט אים, נאָר זײַן טאַטן אין קייווער צוליב,— איך האָב אים זייער גוט געקענט, ער איז געווען אַ קאָשערער ייִד.

סערקעלע: נו, נו, איך וועל אײַך שוין צוליב טון, גוט נאַכט, גוט נאַכט, גייט געזונטערהייט.

ר׳ יויכענען און ר׳ גאַווריִעל (ביידע מיטאַמאָל): גוט נאַכט! גוט נאַכט, ר׳ מוישע! (זיי גייען אַוועק).

## אַכטער אַרײַנקום

ר׳ מוישע, סערקעלע

סערקעלע: מוישע! מוישע! דו ווילסט מיר נאָך צום איבעריקן דעם טויט מאַכן! זאָג מיר, וואָס ווילסטו? וואָס ווילסטו נאָך פֿון מיר האָבן? די פֿרעמדע מענטשן זענען אין שטוב, און דו רעדסט דיר זעלכע ווערטער? זאָג, זאָל איך דיר נישט עפּשער שיקן נאָך דעם ראָוו, אַז דו זאָלסט פֿאַר אים מיסוואַדע זײַן? אוי ווײ, מוישע, מוישע! ווו איז דײַן סייכל אַהינגעקומען?— כלעבן, עס איז מיר נאָר אַ גרויס כידעש, וואָס דו שטעלסט דיך ניט אַנידער אַף דער גאַס פֿאַר איטלעכן אויסשרײַען אַלץ, וואָס דו ווייסט! דער טאַטע, אָלעוו האַשאָלעם, פֿלעגט זייער עמעס צו זאָגן, אַז מיט אַ ייִד איז נאָר גוט אין שול אַרײַן צו גיין. עס גייט אים גאָרנישט אָן, וואָס איך בין שוין אַזש קראַנק פֿאַר צאָרעס, אוי ווײ, מײַנע קויכעס! (זי וויינט) וועל איך קענען די נאַכט כאָטש אַן אויג צוטון? עס גייט אים גאָרנישט אָן: האָט מען אים באַגאַנוועט— נו, האָט מען אים באַגאַנוועט!

ר׳ מוישע: אוי ווײ, וואָס ווילסטו פֿון מיר האָבן, וואָס? נו, וואָס זאָל איך דיר טון? איך פֿרעג דיך,— ווייס איך דען ווער דער גאַנעוו איז?

סערקעלע: וואָס טײַטש? עס האָט דאָס קיינער נישט געטון, נאָר דער גאַ־נעוו, דער רעדלעך! און ווען עס זאָל דאָ קומען די גאַנצע וועלט פֿון מינכע און פֿון מײַרעוו צונאַנד און זאָל מיך אָפּשפּאַרן, האָט עס פֿאָרט קיינער נישט געטון, נאָר ער, דער אַכבעראָש, דער גאַנעוו!

ר׳ מוישע: אוי! איך ווייס שוין גאָרנישט, וואָס דו קענסט אַלץ אויסטראַכטן, פּלוצלינג קען דיר גאָר אײַנפֿאַלן, אַז אַף דעם הימל איז אַ יאַריד! וואָס טײַטש? איז דען נאָך דאָ אַזוי אַן ערלעכער יונג, ווי רעדלעך איז? פּלוצלינג איז ער גאָר באַ דיר געוואָרן אַ גאַנעוו! זאָג מיר, וואָס ווילסטו נאָך פֿון אַנדערע די אַווייִרעס אַראָפּ־נעמען,— האָסט עפּשער ווייניק צו טראָגן אָן דײַנע? אוי, איך, איך האָב גענוג.

סערקעלע: אוי, מײַנע קויכעס! זע נאָר, וואָס פאר אַ שלימעזאלניק דו ביסט, אדרראבע, הער נאָר אליין צו. ווי איך בין הײַנט נאָך מיטאָג פונעם שלאָף אויפגעשטאנען, איז דאָ קיינער נישט געווען אין שטוב נאָר דער גאנעוו, דער רויצייעכ, מיט דעם שלימאזל, מיט הינדען, אומשטיינס געזאָגט; און זי איז דאָך אליין מוידע, אז ווי זי איז ארײַנגעקומען אין שטוב ארײַן, האָט זי נאָר אים אליין דערזווישט. וואָס ער האָט דאָ געטון, וויל זי דאָך נאָך נישט אויסזאָגן דעם עמעס, און עפשער וועט ער מיר דאָס אויך אָפלייקענען? האָב איך דען נישט מיט מײַנע אייגענע אויערן געהערט, ווי ער האָט געזאָגט צו דעם פוראָניעס, אז ער איז שוין זייער גליקלעך, ער האָט פערל און דימעטנ גענוג? פרעג אים, לאָז ער מיר זאָגן אין די אויגן ארײַן, אויב עס איז ליגנד? דער גאנעוו! ווו האָט ער דאָס גענומען, דער רויצייעכ? דער דראַב! ווו האָט ער גענומען פערל און דימעטנ? וואָס? א מאלעכ האָט אים עפשער פונעם הימל עפעס אראָפּגעוואָרפן? געזונט זאָל ער אזוי אין זיך האָבן!

ר' מוישע: און אז דו וועסט מיר דאָ זאָגן ביז מאָרגן, האָט ער עס פאָרט נישט געטון — ער וועט נישט טון אזוי א זאַך!

סערקעלע: נו גוט, מיילע, איך און דו האָ'מיר עס נישט געטון; אלטעניו אויך נישט; כאַיִם... האָט דאָך גאָר קיין סייכל דערצו נישט; פאר כאוועג, כאָטש זי איז דאָך גאָר אן אויסוואורפלינג, וועל איך שווערן, אז זי איז קיין גאנעוו נישט, — וואָרן זי גייט דאָך איבער אלעם טאָמיד אליין, אזוי לאנג זי איז בא מיר, און עס פעלט קיינמאָל נישט אפילע אפּ א האָר; פאר ר' גאווריִעלן, ווייסטו דאָך אליין, אז מע מעג אפילע אומגעציילטע רענדלעך אנידערלייגן, און ס'אנדערע, ער איז דאָך דעמלט גאָר געווען אפּ דער פּאָטשט; און ווײַטער איז דאָך קיין שום בען־אָדעם נישט געווען. נו, זאָג־זשע איצט דו אליין! איך ווייס נישט, מע זאָל טאקע אנידערזעצן צוויי פיצעלעך קינדער, וועלן זיי אויך נישט קענען אנדערש זאָגן, אז נאָר א היי־מישער גאנעוו האָט דאָס געטון, און דאָס נאָר רעדלעך, אוי וויי, מײַנע קויכעס! פארשווארצט און פארפינצטערט בין איך געוואָרן, אז איך האָב דיך פאר א מאן, און אז דו קענסט נאָך זאָגן: „ער וועט נישט טון אזוי א זאַך!“

ר' מוישע: יאָ, יאָ, איך זאָג עס נאָך, ער וועט אזוי אן אוויירע נישט טון.

סערקעלע: אוואדע טוט ער גאָר קיין אוויירעס נישט, דער הולטײַ! האָסטו אים ווען געזען קושן די מעזוזע? האָסטו אים ווען געהערט בענטשן, קרישמע לייענען? — דאווענט ער? לייגט ער טפילן? קושט ער ציצעס, ווי עס קער צו זײַן? ווייסט ער ווי א שאבעס, א יאָנטעוו בעקאָוועד צו האלטן? זעסטו, ווײַבלעך, מיידלעך, אז ער דערזעט, דאָ לעבט ער, דער דראַב! דאָ קוועלט ער, דער אויסגעלאסענער מענטש. נאָר וואַרט נאָר, וואַרט, איך וועל אים שוין באגראָבן! לאָז מען אים נאָר אײַנפירן אין דער פּאָליציי ארײַן, לאָז ער נאָר כאפּן אזוי א דרײַסיק שטעקנס, וועט ער שוין מוידע זײַן, דער רויצייעכ!

ר' מוישע: נו, גיי שוין און טו דיר, וואָס דו ווילסט — איך וואַש מיר גאָר דערפון די הענט אָפּ, איך וויל דערפון גאָרנישט וויסן, איך האָב שוין גענוג! לאָמיך זען, אדרראבע, ווי דו וועסט ווײַטער מיט דײַנע שפעקוליאציעס די וועלט אויספירן. (ער וויל אוועקגיין).



סערקעלע: נו? ווו גייסטו, ווו? ר' שמועל שרײַבער וועט דאָך דאָ באלד קומען, ווייסטו דען נישט, אז מע מוז מאָרגן גאנץ פרי אײַנרײַכן אין דער פּאָליציי ארײַן? — איך האָב דאָך געשיקט נאָך אים.

ר' מוישע: שרײַב דיר און טו דיר, וואָס דו ווילסט — צו זעלכע מײַסעס קענסטו דיר שוין אליין אן אייצע געבן. (ער וויל ווײַטער אוועקגיין).

סערקעלע: שיק מיר כאָטש ארײַן הינדען.

ר' מוישע (בלײַבט שטיין בא דער טיר און קוקט אָן סערקעלען מיט דעם גרעסטן קאס): זאָג מיר, וואָס ווילסטו נאָך פון דער אָרעמער באגאזלטער יעסוימע נעבעך האָבן? — איז זי דען שוין נישט אין דער ערד?

סערקעלע: וואָס האָסטו אזוי מוירע, איך וועל דאָך איר דאָ נישט א שטיק אָפּבײַסן? האָב קיין מוירע נישט, איך וועל איר גאָרנישט טון, איך וויל נאָר האָבן, זי זאָל מיר דאָ עפעס צונייען. וואָס ציטערסטו אזוי איבער איר?

ר' מוישע: הער נאָר, סערקע! איך וועל זי דיר דאָ ארײַנשיקן, נאָר וועסטו איר כאָלילע עפעס וועלן טון, אזוי ווי דײַן טעוועלע איז, זאָלסטו וויסן, סערקע, אז איך בין דאָ אין דער אנדערער שטוב! (ער גייט אוועק דורכ דער טיר, וואָס איז אין דער רעכטער זײַט).

## נײַנטער ארײַנקום

סערקעלע (אליין)

איך וועל מיט איר פריִער אביסל מיט גוטנ שמועסן, טאָמער וועט זי מיט גוטנ מוידע זײַן; וועט זי זיך אָבער האלטן בא איין וואָרט, ווינטש איך מיר אָסער נישט אין איר הויט צו שטעקן! האָט זי זיך יאָ פארליבט אָן דעם רעדלעכן, וועל איך זיי שוין זען ביידע כאסענע צו מאכן אויך. נישקאָשע, ער וועט שוין כאראָטע האָבן, וואָס ער האָט נישט געוואָלט קומען. איך וועל זיי שוין ביידע אויסרײַסן, ווי די הינט!

## צענטער ארײַנקום

סערקעלע, הינדע

הינדע (בלײַבט שטיין בא דער טיר, דעם קאָפּ אראָפּגעלאָזט, און וויינט).

סערקעלע: קום נאָר אהער, הינדעלע! קום אהער — נענטער — נאָך נענטער — האָב קיין מוירע נישט, קום אהער — נענטער — נאָך נענטער — אזוי, זעץ דיך דאָ, מײַן לעבן, נעבן מיר אנידער אפּ דער קאנאפּע.

הינדע (גייט מיט מוירע אלעמאָל ביסלעכווײַז נעענטער און זעצט זיך).

סערקעלע: האָסטו שוין געטרונקען דאָס ביסל קאווע, מײַן הארץ? זעסטו, איך האָב דיר גאָר פארגעסן צוקער ארײַנצושיקן...

הינדע (וויינט הויך און קושט סערקעלען די האנט).

סערקעלע (לאכט קלאָמערשט): הע־הע־הע, נו, גיי שוין, נאר, וויין נישט. איך ווייס אליין, אז עס ארט דיך זייער, וואָס איך האָב דאָ אזוי א גרויסן שאָדן געהאט; נאָר פונדעסטוועגן באדארפסטו נישט אזוי צו וויינען, דו קאָנסט דאָך מיר נאָך, כאָלילע

וועכאַס, קראַנק ווערן, און וואָס איז דאָס עפּעס, אַסאַך בּרידערנטעכטער האָב איך דאָס? — אוי, מײַנע קױכעס! — עס טוט מיר נאָר! אײן זאַך באַנק — די דימענטענע אױרינגלעך און די קלײנע פּערעלעך מיט דעם פּאָרמאַנאַרל — וואָס איך האָב מיר טאָמיד געכאַזערט, אַז ווען דו וועסט מירצעשעם אַ קאַלע ווערן, וועל איך זײ דיר שענקען, האָב איך אױך ערשט אײערנעכטן אין דעם קעסטל אַרײַנגעלײגט, אוי ווײ, מײַנע קױכעס! (זי קוקט הינדען שטאַרק אין פּנים אַרײַן, זײ שווײַגן בײדע אַ פּאָר מינוט גאַנץ שטיל).

ה י נ ד ע: מומעניו! איר האָט דאָך מיר עפּעס געהײסן אַרײַנקומען, איך זאָל עפּעס צונײען? וואָס זאָל איך צונײען?

ס ע ר ק ע ל ע: עס וועט נאָך, מײַן לעבן, צײַט זײַן מאָרגן אױך. הער נאָר צו, מײַן קינד! איך זאָג דיר דעם עמעס, איך האָב מיר שוין לאַנג אַ מאַסקאָנע געמאַכט, איך זאָל מיך מיט דיר, מײַן האַרץ, אַביסל צעשמועסן; דו ווײסט דאָך, אַז כוץ דעם אַלעם, וואָס דו ביסט נעבעך אַזוי יונג פאַריאָסעמט געוואָרן, האָסט קײן טאַטן און קײן מאַמען נישט (זי ווישט זיך די אױגן) און העסט געקענט, כאָלילע וועכאַס, צו ווער ווײסט וואָס נאָך קומען, ווען איך זאָל דיך נישט געווען צו מיר אין מײַן הויז אַרײַנעמען, — אוי, מײַנע קױכעס! — איך מײן כוץ דעם אַלעם האָב איך דיך דאָך אַזוי ליב, טאַקע ווי מײַן אײגן קינד, און מיר דאַכט זיך, אַז דו אַלײן קענסט נישט זאָגן, אַז דו האָסט ווען בײַ מיר אַ קשיוודע געהאַט! — אײַ וואָס, איך בײזער מיך אַמאָל אױף דיר? דאָס, מײַן לעבן, וועסטו, דאַכט זיך מיר, אַלײן אײַנזען, אַז איך מײן אַלץ נאָר דיר לעטויװע. וואָרן דו ביסט דאָך גאָר קײן נאַר נישט און זעסט דאָך, פאַרוואָס אַרט מיך נישט, אַז איך זע אַ פרעמד קינד עפּעס אַ נאַרישקײַט טון? פאַרוואָס? ווײַל איך דערמאַן מיך, אַז אַזוי ווי אײנער רעדט: „רעבע! די קו איז אײַער".

ה י נ ד ע (ווײנט און קושט סערקעלען די האַנט).

ס ע ר ק ע ל ע: מײלע, זעסטו דאָך אַלײן, אַז כאָטש איך ווײַז נישט אַרויס, אָבער אינעווײניק אין האַרצן ביסטו מיר אײַנגעבאַקן, האָב איך דיך אַזוי ליב ווי מיך אַלײן; דו זאָלסט נאָר וועלן גוט און פרום זײַן, ווי זײַן ליבער הײליקער נאָמען געבאָטן האָט, אוי, מײַנע קױכעס! וואָס פאַרלאַנג איך דען, מײַן לעבן, פון דיר, וואָס? איך פאַרלאַנג דאָך דאָ נישט פון דיר, אַז דו זאָלסט, כאָלילע וועכאַס, איבערן דאַך אַריבערשפּרינגען! — איך וויל נאָר האָבן, דו זאָלסט מיר דערצײלן איטלעכעס פּיצעלע, וואָס דו ווײסט נאָר פון אים — פון רעדלעכן, מײן איך. און גלײב מיר, זאָל מיך גאָט שטראָפן אױף מײַנע יונגע יאָר, אויב עס וועט דיר, אָדער אַפילע אים כאָטש אַ האָר געקרימט ווערן; וואָרן וואָס איז דאָס עפּעס — אַ נאַר בין איך? איך ווײס נישט? און אַז מע מאַכט יאָ שוין אַמאָל אַ קלײן פעלערל, מײנסטו, עס איז עפּעס כײַעס? אָסער. דער מענטש איז דאָך קײן מאַלעך נישט. נישקאָשע, מײַן לעבן, פאַר מיר האָט אָסער נישט אופזיך, מעגסט מיר אַלץ דערצײלן.

ה י נ ד ע: גילדענע מומעניו, בײזערט אײַך נאָר נישט, וועל איך אײַך שוין אַלץ דערצײלן! איך ווײס, אַז ווען איר וועט מיך נאָר אויסהערן, וועט איר מיר אוואדע מויכל זײַן. (זי קושט סערקעלען די האַנט) איר זענט דאָך מײַן האַרצעדיקן טאַטנס שוועסטער; איך ווײס אַלײן, אַז איך האָב זײער אַ גרויסע אַוולע געטון, וואָס איך האָב אײַך ביז אַהער נישט דערצײלט.



ס ע ר ק ע ל ע: נו, נו, האָב נאָר קײן מוירע נישט, דערצײל מיר נאָר אַלץ, אָבער נאָר דעם עמעס; דעם עמעס, מײַן לעבן, האָט גאָט ליב, וועסטו זען, מײַן קינד, אַז וועסט קײן כאַראָטע נישט האָבן, אוי, מײַנע קױכעס!

ה י נ ד ע: עס וועט זײַן אין דעם אַ יאָר צוויי, ווען איר זענט געווען אין וואַרעמבאָד, געדענקט איר? געדענקט איר? — בין איך דעמאָלט, ווי איר ווײסט, עפּעס שלאָף געוואָרן; איר זענט נישט געווען, און דער פעטער, זאָל לעבן, איז אױך גראָד געהאַט ערגעץ אַוועקגעפאָרן. דערווײַל איז מיר אין מײַן קרענק אַלעמאָל ערגער געוואָרן, אַזוי, אַז איך האָב שוין גאָר קײן קויעך נישט געהאַט אַפילע אַרומצוגײן איבער דער שטוב. רעדלעך אָבער פלעגט — איך בעט אײַך, מומעניו, בײזערט אײַך נאָר נישט...

ס ע ר ק ע ל ע: דערצײל נאָר, דערצײל ווײַטער — נו? איך וועל מיך אָסער נישט בײזערן, ביסט דאָך אַ נאַר, אַז איך שווער מיך? דו ווײסט דאָך, אַז אַ שוווּע איז בײַ מיר זײער טײַער, דערצײל נאָר, דערצײל, — רעדלעך אָבער פלעגט...

ה י נ ד ע: רעדלעך אָבער פלעגט טאָג און נאַכט בײַ מיר צו זיצן, ער האָט מיר שוין אײנמאָל געהאַט געזאָגט, אַז איך זאָל מיר לאָזן רופן אַ דאָקטער. „איך", האָט ער געזאָגט, „האָב זײער מוירע, הינדעלע, אַז דו ביסט זײער קראַנק", — איך האָב מיך אָבער זײער געשעמט פאַר אים צו זאָגן, אַז איך האָב קײן געלט נישט צו באַצאָלן דעם דאָקטער. ווי ער האָט אָבער געזען, אַז עס ווערט מיר אַלע טאָג ערגער, איז ער געגאַנגען און האָט מיר געבראַכט צו פירן אַ דאָקטער, איך בין דערנאָך געלעגן און האָב גאָרנישט געוווּסט, וואָס עס טוט זיך מיט מיר. ערשט אַז איך האָב אָנגעהויבן עפּעס צו מיר צו קומען, האָט מיר ערשט כאַיִם דערצײלט, ווי איך האָב אַלץ גערעדט אויס דעם וועג, און אַז איך ליג שוין צוועלעף טאָג אין בעט, און אַז איך בין שוין אײנמאָל אַזוי כאָרעוו געווען, אַז רעדלעך האָט זײער געיאָמערט און האָט גערופן דרײַ דאָקטוירים, און אַז איך האָב זײער אַסאַך אײַנעמענישן פון דער אַפּטײק גענומען, קורץ, עס איז גאָר קײן קאַטאָוועס נישט געווען, וואָס איך האָב אַלץ געקאָסט. איך בין דערנאָך, געלויבט צו גאָט, געזונט געוואָרן און האָב ערשט דערנאָך געוואָר געוואָרן, אַז דאָס איז אַלץ געווען פאַר רעדלעכס געלט, ער האָט פון מײַנעטוועגן גאַנצע נעכט נישט געשלאָפן און אַלע זײַנע קלײדער און זאַכן, אַפילע דאָס זײגערל, פאַרקויפט. איך האָב עטלעכע מאָל געבעטן און האָב אים געזאָגט, אַז איך וועל זען אים דאָס ביסלעכווײַז אָפּצוגעבן, וואָס איך האָב אים געקאָסט...

ס ע ר ק ע ל ע (פאַלט איר אין די רײד אַרײַן): נו, וואָס איז? בײַ איטלעכן מענטש איז זײַן געזונט דאָס טײַערסטע, נו, וואָס איז, מײַן לעבן, האָסטו אים פאַר דאָס אַצינד געהײסן נעמען דאָס קעסטעלע מיט דעם צירונג, נישט וואָר, מײַן קינד?!

ה י נ ד ע (קוקט אָן סערקעלען): וואָס? זאָל גאָט היטן, איך האָב פאַרקויפט די אױרינגלעך, וואָס איך האָב געהאַט פון דער מאַמען, אַלע האַשאָלעם, ער האָט אָבער קײן אײנציקן קרײַצער נישט געוואָלט נעמען בײַ מיר. געזאָגט האָט ער אָבער, אַז פון מײַנעטוועגן וואָלט ער זײַן גאַנץ לעבן אויך אַוועקגעגעבן, און איך באַלײדיק אים זײער, אַז איך וויל אים אָפּגעבן. און פון דעמאָלט אָן... (זי בלײַבט פּלוצלינג שטיל שטײן און שעמט זיך...).

סערקעלע: נו? וואָס פונ דעמלט אָנ?

הינדע: אונ פונ דעמלט אָנ האָב איכ ערשט אָנגעהויבנ אײַנצוזענ, ווי ליב ער האָט מיכ. (זי קוקט סערקעלענ שטארק אָנ).

סערקעלע: נו יאָ, דאָס איז שוינ רעכט; וואָס האָט איר אָבער הײַנט נאָכמיטאָג דאָ געטונ, הע?

הינדע: גילדענע מומעניו! איכ וועל אײַכ זאָגנ דעם רעכטנ עמעס. ער איז דאָ געוועזנ אונ האָט מיר געזאָגט, אז ער זשאלעוועט מיכ, וואָס איכ לײַד בא אײַער גרויסע צאָרעס, אז איר פארגינט מיר נישט אפילע דאָס ביסל עסנ; האָב איכ אים געזאָגט, אז עס איז גאָר ליגנד, אז ער איז זיכ גאָר טועע, אדעראבעע, איר זענט זייער גוט קעגנ מיר. האָט ער מיכ פאר די רייד אָנגעהויבנ זייער צו איבערבעטנ אונ האָט מיר א... א קוש געגעבנ. האָב איכ אָבער מוירע געהאט, עס זאָל נישט עמעצ גראָד אָנקומענ, האָב איכ אים זייער געבעטנ, ער זאָל מיכ אָפּלאָזנ, האָט ער נישט געוואָלט, האָב איכ אים ווידער געבעטנ, אונ ווייס אליינ נישט, ווי איכ פאל אויס... אים אויכ א קוש צו געבנ... (זי בלײַבט שטיל שטיינ אונ שעמט זיכ).

סערקעלע: אלצ עמעס. (שוינ אביסל מיט קאס) איכ בינ דיר שוינ דאָס אויכ מויכל; וואָס האָט ער אָבער געזאָגט, אז ער האָט פערל אונ דימעטנ גענוג? האָט ער דענ שוינ דעמלט געהאט גענומענ דאָס קעסטל מיט צירונג, הע?

הינדע: פלוצלינג! ווי פאלט איר אויס, ער וועט פלוצלינג נעמענ אײַער קעסטל מיט צירונג? — ער? ער ווייסט גאָרנישט פונ דער גאנצער מײַסע; ער האָט נאָר געזאָגט, אז ווענ איכ האָב אים ליב, מעג שוינ די גאנצע וועלט האָבנ פערל אונ דימעטנ, וויפל זיי ווילנ, — אז ער האָט נאָר מיכ, האָט ער שוינ פערל אונ דימעטנ גענוג!

סערקעלע: אונ מײַנ קעסטל מיט צירונג ווו איז?

הינדע: וואָס פרעגט איר מיכ? ווייס איכ?

סערקעלע (גיט זיכ פלוצלינג א שטעל־אופ מיט קאס): וואָס? דו ווייסט נישט? דו ווייסט נישט, אז רעדלעכ האָט געגאנוועט מײַנ צירונג? וועמענ ווילסטו דאָס נארנ, דו לײַדאטשקע?! דו מיינסט עפשער, ווײַל איכ האָב ביז אהער מיט גוטנ געשמועסט, מיינסטו, אז דו וועסט מיכ שוינ גאָר אָפּנארנ? איכ וועל דיר אָבער ווײַזנ, אז איכ הייס סערקע! (זי שרײַט אלעמאָל העכער מיט דעמ גרעסטנ קאס) ווארט נאָר, איכ וועל אים נאָר לאָזנ קייטעלעכ אפ די הענט אונ אפ די פיס אָנטונ, ער וועט שוינ זאָגנ דעם עמעס! לאָז מענ אים נאָר אזוי ארײַנוואַרפנ א פאָר הונדערט קאנטשיקעס, אז דאָס קאָכעדיקע דאם זאָל פונ אים רינענ ווי וואסער, וועט ער שוינ זאָגנ, ווו מײַנ צירונג איז! שטיקווײַז וועל איכ לאָזנ פונ אים לעבעדיקערהייט רײַסנ, אונ דו, דו גאנעווטע, מוזט שטיינ דערבײַ אונ צוזענ, צוהערנ מוזטו, דו בעסטיע, ווי ער וועט קוויטשענ אונ שרײַענ, אז דאָס קאָל וועט גיינ ביז אינ הימל ארײַנ! פארפוילנ וועל איכ אים לאָזנ אינ קרימינאל, אונ דו, אויסוואורפלינג, וועסט אלע טאָג מוזנ פונ אים קופּעסווײַז די ווערים אראָפּשארנ! ניינ, איכ וועל נישט רוענ, איכ וועל נישט זשאלעווענ, איכ וועל נאָכ לייגנ דאָס לעבעדיקע אפ דעם טויטנ, איכ וועל מיכ צום איבעריקנ בעדאלעס שטעלנ, אונ דאָס מײַניקע — מוז ער מיר אָפּגעבנ!

הינדע (האָט זיכ זייער דערשראָקנ אונ האָט זיכ מיט ביידע הענט דאָס פּאָנעמ פארהאלטנ; פלוצלינג לויפט זי צו צו סערקעלענ אונ פאלט פאר איר אנידער אפ דער ערד): מומעניו! גילדענע מומעניו! ניינ — ניינ — ניינ — איכ קענ — שוינ לענגער — נישט — אויסהאלטנ — ניינ, מומעניו!

סערקעלע (שרײַט זייער הויכ, מיט דעמ גרעסטנ קאס): נו, זאָג־זשע מיר טייקעפ, ווו איז מײַנ צירונג? — ווו האָט עס רעדלעכ אהינגעטונ? זאָג, ווו איז מײַנ האָב? ווו איז מײַנ פראצע?

הינדע (שטייט אופ אונ ציטערט): ניינ — ניינ — רעדלעכ — איז — נישט — קיינ גאנעוו!

סערקעלע (לויפט צו צו הינדענ אונ הייבט אופ ביידע הענט אונ וויל זי שלאָגנ, דערווײַל גיט זיכ אנ עפנ די טיר, וואָס איז אינ דער רעכטער זײַט, אונ ר' מוישע קומט ארײַנ צו לויפנ אונ גיט סערקעלענ א וואָרפ אנידער אפ דער קאנאפּע אונ כאפּט הינדענ בא דער האנט אונ לויפט מיט איר אוועק דורכ דער טיר, וואָס ער איז געקומענ; סערקעלע שרײַט גאנצ הויכ, מיט א יעמערלעכ קאָל): אוי וויי! אוי וויי, מײַנע קויכעס! דער פאָרהאנג לאָזט זיכ אראָפּ).

סאָפ פונ דעמ פערטנ אופצי



84

אקט

1 סצענע

ז. 84 פונ „סערקעלע", יאָהאניסבורגער אויסגאבע.
(פאָרמאט 21×13 סמ)

## פינפטער אופצי

דער אנדערער טאָג אינדערפרי. עס קומט פאָר א געסל, מע זעט דעם אָפענעם טויער אונ די פענצטער פונ ר' שמעלקע טרויניקס אײַנפאָרהויז. אפ א לאָדנ פונ א פענצטער שטייט אופגעמאָלט, ווי די מעראגלים טראָגנ אפ דראָנגענ א גרויסנ בונט ווײַנטרויבנ, אונ אונטערגעשריבנ מיט גרויסע אויסיִעס „שמעלקע טרויניקס". פאר דער טיר שטייט א גרויסע באנק.

### ערשטער ארײַנקום

#### דער פרעמדער (אליינ)

ער זיצט פאר דער טיר, אפ דער באנק, האלב אויסגעטונ אונ האלב נאָכ ווי א וועגכמאנ אָנגעטונ אינ דײַטשע קליידער): איכ בינ אויסעראָרדענטליכ מידע. דאס וואר איינע רײַזע! טאג אונד נאכט צו לאנד אונ צו וואסער, אָהנע אירגענדוואָ [1] רעכט אויסצורוהענ — דאָכ דעמ אלמעכטיגענ זײַ עס געדאנקט, איכ בינ נונ ווידער, נאכ פערפלאָסענענ זעקס יאהרענ, אינ מײַנער היימאט. ווי מיר היר אלעס זאָ פערענדערט, פערבעסערט, יא פערשענערט, קענט איכ זאגענ, פאָרקאָמט, די שטראסענ — ווי זויבער, די הײַזער — ווי נידליכ [2] אונד שעהנ! גאָט! ענטשפריכט אויכ דאס אינערע דעמ אויסערענ? זאָנ־דערבאר! ווארהאפטיג זאָנדערבאר גענוג איזט עס, דאס נאכ זאָ פילענ מארטערפאָלענ [3] יאהרענ, נאכ דיזעמ אויסעראָרדענטליכענ שמאכטענ אונד זעהנענ [4] נאכ דעמ ליבלינג מײַנעס הערצענס, איכ מיכ ניכט איינ מאהל געטרויע ערקונדיגונגענ איבער איהר בעפינדענ אײַנצוציהענ [5]. (ער שווײַגט אביסל שטיל אונ טראכט נאָכ) ליבעס קינד! ווי ערגינג עס דיר [6] היר וועהרענד דער צײַט מײַנער אבוועזענהײַט? האט דײַנע געזונדהײַט מיט מײַנע רײַכטומע גלײַכענ שריט געהאלטענ? האָלדעס [7] טעכטערכענ! ווי זיהסט דו דענ יעצט אויס? — איזט דער צארטע שפרעסלינג [8] צומ האָפנונגספאָלענ בײַמכענ הערויפּ־געוואקסענ? ביזט דו דעמ וווּנשע דײַנעס דיכ איבער אלעס ליבענדענ פאטערס גע־מעס [9] זײַנער ני פארגעסליכענ זעליגענ ראָכעלע ענליכ געוואָרדענ?... אָדער (ער בלײַבט זיצנ גאנצ טרויעריק פארטראכט. דערנאָכ ניט ער זיכ א כאפ אופ) ניינ, ניינ, וועג מיט דיזעמ העלישענ געדאנקענ [10]. אָ, אלגיטיגער שעפפער, דער דו מיר זאָ אָפט אינ מײַנער נאָט בײַגעשטאנדענ, הימלישער פאטער אלער וועזענ! נעהמע מיר דײַנענ זעגענ [11], מײַנע געזונדהײַט, מײַנ לעבנ, נעהמע מיר אלעס, אלעס, נור דיזעס ליבע, דיזעס שעהנע קינד ניכט! (ער שווײַגט אביסל שטיל).

---

[1]) ערגעצ־ווו. [2]) אנגענעמ. [3]) פול מיט מאטערניש. [4]) בענקענ. [5]) באקומענ יעדיִעס וועגנ איר צושטאנד. [6]) ווי איז עס דיר געגאנגענ. [7]) ליבעס. [8]) שפראָצל. [9]) ווונטש. [10]) גענעמ־געדאנקענ.
[11]) בראָכע. — ר ע ד.

## צווייטער אַרײַנקום

### דער פּרעמדער, ר׳ שמעלקע

ר׳ שמעלקע (קומט פֿון דער גאַס מיט אַ שטעקן אין דער האַנט און וויל גיין אין טיר אַרײַן; ער בלײַבט שטיין, ווי ער דערזעט דעם פֿרעמדן): אָ־וואַ! גוט — גאָט, באָרעך הו, האָט דאָך מיר באַסערט אַ גאַשט! (ער נעמט אַראָפּ דעם ספּאָדעק און נייגט זיך גאַנץ טיף פֿאַר דעם פֿרעמדן) וויטאַמי פּאַנאַ דאָבראָדזיעיאַ, יאַק סיע יאַסניע וועלמאָזשני פּאַן דאָבראָדזיע מאַ?

פּרעמדער (זעט נאָך נישט ר׳ שמעלקען און שמועסט ווײַטער צו זיך אַליין): וואַס ווערט מײַן גליק, מײַן לעבן, אָהנע דיזעס קינדע?

ר׳ שמעלקע (צו זיך אין דער שטיל): אַהאַ! ער איז זיך אַ דײַטש!

פּרעמדער (קוקט זיך אום און דערזעט ר׳ שמעלקען): זינד זי פּילײַכט דערווירט דיזעס הויזעס?

ר׳ שמעלקע (גייט נעענטער צו צו דעם פֿרעמדן און נייגט זיך ווידער אַזויווי פֿריִער; ער בלײַבט שטיין פֿאַר דעם פֿרעמדן און רעדט צו אים גאַנץ געשווינד): יאַ, מײַן האַר! זײַען זי מיר גאָר סיין ווילקאָמען, אײַערע גנאָדן! וואָס סאַפּן, וואָס באַפעלן, אײַערע גנאָדן? אַ סיינע, פֿײַנע, געמאָלטע, ליכטיקע צימערל, אַ פּרעכטיקע סטאָל, פּריס היי, אַ וווילע האָבער, אַ הערלעכע עסן און טרינקען, וועלכעש אײַערע גנאָדן זיך ווינסן, אַ גוטע אַלטיצקע מעד, אַ וויטראַוונע גלעזעלע ווײַן, פֿון די ווילע גאַטונקעס, — סאַפּן נאָר אײַערע גנאָדן! באַפעלן נאָר אײַערע גנאָדן! אַ גלײַך, אַ באַלד וועט מען זיך לויפֿן און ברענגען צו טראָגן אַ טיי, אַ קאַווע, אַ סטאַרקע גלעזל פּאָנש, אַ ליקער, אַ סווייצער קעז, אַ סטיק מאַרינאַד, אַן אָנגאַריסע ברינדזע, אַ לענדעריסן הערינג, אַלץ, אַלץ קענען זיך אײַערע גנאָדן באַקומען בײַ דעם גראָבן סמעלקע טרוינִיקס, און נאָר פֿאַר אַ ספּאָט געלט, סאַפּן נאָר אײַערע גנאָדן!

פּרעמדער (צו זיך אין דער שטיל): עס פֿרייט מיך אונגעמיין, דאַס מאַן מיך אין דיזער טראַכט היר ניכט מעהר ערקענט! (הויך צו ר׳ שמעלקען) איר זענט אײַך טויע, מײַן ליבער ר׳ שמעלקע! איך בין אַ ייִד.

ר׳ שמעלקע (טוט זיך גאַנץ געשווינד אָן דעם ספּאָדעק): אַ ייִדל! (צו זיך אין דער שטיל) מײַן בייזער כאָלעם צו זײַן קאָפּ זאָל זיך אָנהייבן און אויסלאָזן, איך העט זיך געסוואָרן — אַ סלאַכציץ! (ער זעצט זיך אַנידער לעבן דעם פֿרעמדן און גיט אים די האַנט) סאָלעם־אַלייכעם! פֿונוואַנעט זײַטס איר זיך? וואָהין פֿאָרט איר זיך?

פּרעמדער: אַלייכעם האַשאָלעם! איך קום דאָ נישט ווײַט פֿון הי...

ר׳ שמעלקע: זײַטס איר זיך עפּסער אַ קאָרדאָנער? האָט איר ניט כאַזוער־האָר, כיילעוו, ענים, יוכטן אָדער באַקאַליעס צו פֿאַרקויפֿן?

פּרעמדער: ניין, איך האָב גאָרנישט צו פֿאַרקויפֿן.

ר׳ שמעלקע: אָדער באַדאַרפֿט איר זיך עפּסער בײַ אונדז עפּעס צו קויפֿן? סניט־שכוירע, צעלניק, געוואַנט און עפּסער גאָר קאָשעש? — ניין? זאָגט זיך נאָר מיר, איך וועל זיך מיט אײַך גיין, איך וויל זיך אײַך ווײַזן, וועט איר זיך בעוואַדע אַלץ בעכאָצע כינעם קויפֿן. זאָגטס נאָר, זאָגטס, וואָס ווילט איר זיך בײַ אונדז אין דער לעמבערג האַנדלען? איך בין זיך אַ מייווּנ גאָדל אָף קאָל מינע שכוירעס.



פּרעמדער: איך דאַרף איצט גאָרנישט צו קויפֿן, איך וויל אײַך נאָר בעטן, אויב איר האָט נישט עפּעס אַ באַזונדערע סטאַנציע פֿון מײַנעטוועגן?

ר׳ שמעלקע: פֿון אײַערטוועגן? ניין, ניסטאָ. (ער וויל אַוועקגיין).

פּרעמדער: טאָמער יאָ, איך וועל אײַך גוט באַצאָלן, כלעבן.

ר׳ שמעלקע: ניין, ניין, ניסטאָ. איך מיין, אַז איר זײַטס אויך גאָר סלעכט אַהער פֿאַרפֿאָרן.

פּרעמדער: איר האָט דאָך אָבער ערשט אַליין געזאָגט, אַז איר האָט יאָ זייער אַ שיין געמאָלט שטיבעלע?

ר׳ שמעלקע: נו יאָ, איך האָב זיך טאַקע אַסאַך זייער סיינע סטיבעלעך, אָבער נאָר פֿון סלאַכציצעס וועגן, — הײַנט איז זיך בײַ מיר די צײַט פֿון די קאָנטראַקטעס. (ער וויל אַוועקגיין און מאַכט אויס דעם פֿרעמדן כוויזעק) ניסקאָסע, מײַן ליבער ר׳ קאָרעוו, אײַערע טאַרפּאַט אַלאָפּים קערבלעך מעגט איר אַפֿילע דאָרט הינטער אין די סענקסטוב אויך אַנידערלייגן, עס וועט זיי אײַך, אָסער כאַזער, קיינער ניסט באַגאַנווענען! (ער לאַכט).

פּרעמדער: אַנטלויפֿט נאָר נישט, קומט נאָר אַהער, איך וועל אײַך נאָר עפּעס זאָגן, אַנטלויפֿט נאָר נישט, קומט נאָר אַהער, נאָר אָף איין וואָרט!

ר׳ שמעלקע (קומט צוריק צו גיין): נו, וואָס?

פּרעמדער: וואָס אַנטלויפֿט איר? זעצט אײַך נאָר דאָ נעבן מיר אַביסל אַנידער.

ר׳ שמעלקע (מיט קאַס): נו זאָגטס, זאָגטס, וואָס ווילט איר? איך האָב זיך קיין צײַט ניסט מיט אײַך דאָ אַסאַך צו באַלאַמוצען, הײַנט איז זיך בײַ מיר אַ מיגוט אַ שאָ, אַ שאָ — אַ טאָג, אַ טאָג — דאָס מינדשטע אַ רענדל.

פּרעמדער: איך וועל אײַך זאָגן גאָר דעם עמעס, איך קום דאָ אַצינד פֿון זייער אַ ווײַטן וועג; איך בין געפֿאָרן טאָג און נאַכט, אַצינד בין איך זייער מיד און העט מיך גערן ערגעץ נאָר אויסגערוט. בעט איך אײַך, מײַן ליבער ר׳ שמעלקע: גיט מיר אַ באַזונדער שטיבל, עס מעג זײַן ווו עס איז, אַבי איך זאָל מיך נאָר האָבן ווו אויסצורוען; איך וועל אײַך אַוואַדע זייער גוט באַצאָלן, עפּשער בעסער, ווי אַ גרויסער סראָרע, קורץ — איך וועל אײַך געבן וויפֿל איר ווילט אַליין.

ר׳ שמעלקע: איך קען זיך סוין די ייִדיסע צאָלעכץ; וויפֿל קענט איר זיך גאָר געבן פֿאַר אַ מעסלעס? און ווי לאַנג קענט איר זיך גאָר אופהאַלטן אַ סטיבעלע? זאָגטס, זאָגטס!

פּרעמדער (צו זיך אין דער שטיל): אויס דיזער נאָט מוס מיר איינע ליגע העלפֿען. (הויך צו ר׳ שמעלקען) איך קען אײַך אַליין נאָך נישט רעכט זאָגן, ווי לאַנג איך וועל הי דאַרפֿן צו בלײַבן, וואָרן איך מוז דאָ וואַרטן אָף אַ גראַף, וואָס האָט מיך דאָ באַשטעלט; ער וועט אַוואַדע אַהער קומען הײַנט אָדער מאָרגן, ער וועט דאָ קומען מיט אַ גרויסן הויף, איר וועט פֿון אים אַוואַדע זייער אַסאַך לייזן, וואָרן ער איז זייער רײַך, איר מעגט מיר גלייבן, אַז איר וועט צו נ׳אים נישט צולייגן.

ר׳ שמעלקע: אַזוי? נו, אַ ייִדל צוליב מוז מען זיך סוין אַלץ טון, פֿלעגט דער בערדיצעווער, אָלעוו האַסאָלעם, צו זאָגן; נו, איך וועל זיך אײַך סוין געבן אַ סטיבעלע, עס איז, פֿראַוודע, אַביסעלע נעבן דער סטאַל, אָבער פֿאַר אַ ייִדל איז עס

געגנג אַ סײַנ סטיבעלע; איר וועט זיך מיר נאָר געבנ אכט רײַניסלעך אַ וואָך, כלעבנ, גאָר בעכינעם, נאָר עס איז דאָך נאסע נעמאָנע, וואָס טוט מען ניסט אַלץ פונ אַ ייִדלס וועגנ?

פרעמדער (צו זיך אינ דער שטיל): ווענ דיזעס בעכינעם הייסט, וואס קאָנ נאָך בעצאהלונג הייסענ?

ר׳ שמעלקע: וואָס? איר זײַטס אײַך ערסט מעיאסעוו, געפעלט אײַך עפסער ניסט? (ער וויל אוועקגיינ) נו, גייטס, זוכטס אײַך ערגעצ אנדערס וועלוועלער, אונ עפסער ווילט איר גאָר בעכינעם — גייט זיך אינ די אָרכים־הויז ארײַנ, דאָרט בא דער סול ווינט דער גאבע.

פרעמדער (האלט אים בא דער האנט אונ לאָזט אים נישט אוועקגיינ): נו, נו, איך וועל אײַך שוינ געבנ אכט רײַניש, הייסט נאָר שוינ מײַנע זאכנ אהינ טראָגנ.

ר׳ שמעלקע: נו, נו, מע וועט זיך סוינ טראָגנ, גיט זיך נאָר פריִער אהער די מאטבייע.

פרעמדער (נעמט אראָפּ פונ זיך אַ בײַגארטל מיט געלט אונ גיט ר׳ שמעלקענ ארויס אַ רענדל): נא! דאָ האָט איר אַ רענדל, אונ לאָז די רעשט בלײַבנ בא אײַך ביז צום כעזשבנ.

ר׳ שמעלקע (מאכט האוועס, ווי איינער, וואָס איז מאָלע סימכע): אָ־וואַ! סאמע רענדלעך! (ער נעמט צו דאָס רענדל) נו, נו, סוינ גוט! (ער וועגט דאָס רענדל אינ דער האנט אונ שרײַט ארײַנ דורך דעם פענצטער) בערל! טראָג זיך ארײַנ די זאכנ, דעם דײַטסנ סויכערס זאכנ אינ די סיינע געמאָלטע סטיבעלע. (צום פרעמדנ) איר זאָלט מיר מאריך יאָמים ווערסאָנים זײַנ, מא סמייכאָ? ווי הייסט איר?

פרעמדער: איך הייס (ער איז זיך אביסל מעיאשעוו) איך הייס שלוימע גוטהערצ.

ר׳ שמעלקע: גוטהערצ! גוטהערצ! עפסער גאָר אַ קאָרעוו פונ די ר׳ דאָוויד גוטהערצ, וואָס איז זיך פאר עטלעכע יאָרנ אוועק פונ אונדז?

פרעמדער: איך קענ אײַך נישט זאָגנ, צי יאָ, צי ניינ, נאָר איקער שאָכאכטי, איר האָט דאָך עפּעס פריִער געזאָגט, אז איר האָט אַ גוט גלעזל ווײַנ?

ר׳ שמעלקע: אוי ווייִ, אַ ווײַנ! אוי ווייִ, אַ ווײַנ! איך זאָג אײַך אַ וויטראָונע, אַ זיסינקע, אַ סטארקע, גאָר אַ מאסלים! אונ, כלעבנ, קאָסער אויך; דער סאווראניער רעבע, זאָל מאריך יאָמים ווערסאָנים זײַנ, איז אמאָל הי געווענ, האָט ער אָסער קיינ אנדערע ווײַנ ניסט געוואָלט טרינקענ, נאָר די מײַנע; איך האָב זיך בא דעם צאדיק געלייזט אסאך געלט. איר קענט זיך בא מיר קריגנ אלערלייגאטונקעס: אי רויטע, אי ווײַסע, צו צוויי רײַניס, צו פיר רײַניס אונ צו אכט רײַניס אַ בוטעלקעלע אויך.

פרעמדער: נו, הייסט נאָר אהער ברענגענ אַ בוטעלקעלע ווײַנ פאר פיר רײַניש מיט צוויי גלעזלעך.

ר׳ שמעלקע: מיט צוויי גלעזלעך? באלד, זאראס, טייקעפ! (ער שרײַט ארײַנ דורך דעם פענצטער) בערל! ברענג זיך נאָר געסווינד אַ בוטעלקעלע ווײַנ, פונ די גוטע, מיט צוויי גלעזלעך, הערסטו? פאר פיר רײַניס, פונ די גאנצ גוטע, אונ מיט צוויי גלעזלעך, הערסטו? (ער זעצט זיך אנידער נעבנ דעם פרעמדנ) איך זאָג אײַך, מײַנ הארציקער, גוטיצקער ר׳ סלאמקע, עס זענענ זיך סוינ גאָרניסט די צײַטנ, סוינ גאָרניסט די יאָרנ, סוינ גאָרניסט די מענצנ, וואָס פלעגנ אמאָל צו זײַנ. איך קענ זיך גאנצ גוט דער-



מאנענ, ווי פאר עטלעכע יאָר, אז עס איז זיך געקומענ די צײַט פונ די קאָנטראקטעס, פלעגט טאָמיד בא מיר אומעטום פול צו זײַנ פונ שראָרעס, מע האָט ניסט געקענט אַ ספּילקע צו דער ערד ווארפנ; איטלעכער שראָרע האָט זיך געהאט דרײַ קאָצנ צו זעקס פערד, נאָר ווי די לייבנ, אונ עפסער צוועלף לאָקייקעס, איך זאָג אײַך, עס האָט טאקע געסוויבלט אונ געגריבלט פונ שראָרעס, אונ די געלט איז זיך געפלויגנ פונ איינ קעסענע אינ די אנדערע! עס איז טאקע געווענ אַ נאכעס; אז עס פלעגט זיך אזוי ארײַנצופאָרנ אַ שראָרע, האָט מענ זיך אָנ אים טאקע געהאט אַ פענעצ. הײַנטיקע צײַטנ אָבער, אז עס קומט זיך סוינ אמאָל עפּעס אַ סלאכצינקע, מאכט ער זיך מיר גאָר מעסוגע! עמעס, ער הוקעט אונ סטוקעט, אזויווי דעמלט, ער דרייט זיך די צופרינקע אזויווי דעמלט, ער ליארעמט אונ סרײַט, אז ער וויל עפּעס, גאָר אזויווי דעמלט; דערקעגנ, אז עס קומט זיך צו די בידנענקע כעסבנ נעבעך, ווערט ער זיך גאָר ניסטאנע, ער ווערט זיך אזוי אַ פּאָקאָרנינקע, אזוי אַ סטילינקע, אזוי אַ ספּאָקויניצקע, אונ מע הערט פונ אים ניסט מער, נאָר „צעקײַ, מוי סמעלקעניו! ניעמאמ טעראז פּיעניאָנדזע, דאמ צי זבאָזשע״ — נו, וואָס טויג זיך מיר זײַנ טוווע, איך באדארפ זיך די געלט, אוי, די געלט, די געלט!

פרעמדער: ווייסט איר אָבער, מײַנ ליבער ר׳ שמעלקע, פארוואָס דאָס איז אזוי געוואָרנ? ווײַל פארצײַטנס פלעגט אַ סראָרע זייער ווייניק צו פילנעווענ זײַנע ניטער, ער פלעגט נאָר צו פאָרנ אינ שטאָט ארײַנ הולטײַענ אונ כויוועס צו מאכנ, ביז ער האָט די גיטער פארהולטײַעט אונ עס איז אים צום סאָפ גאָרנישט געבליבנ; אונ דאָס זעענ מיר דאָך אפילע, אז די סראָרעס, וואָס האָבנ געפילנעוועט זייערע גיטער אונ זענענ זייער ווייניק צו אײַך אינ שטאָט ארײַנ געקומענ, זענענ נאָך אסאך רײַכער אינ גיטער אונ אינ געלט.

ר׳ שמעלקע: אי, וואָס! האָט מיר ניסט פאריבל, איר ווייסט ניסט; איך וועל זיך אײַך זאָגנ, פונוואנעט דאָס איז געקומענ: פארצײַטנס, דאכט זיך מיר, איז געווענ אַ גרויסע בראָכע אינ דער מעדינע, מע האָט גאָרניסט געוווסט פונ די הײַנטיקע נײַע מאסינענ צום אקערנ, צום זייענ אונ צום מלאָצענ, פלעגט זיך צו זײַנ די טוווע גאָר אביסעלע, די יאקרעס אָבער זייער גרויס; האָט איינער געהאט אביסל ווייצ אָדער קאָרנ, האָט מענ ס׳אים געמוזט מיט רויטע רענדלעך אָפּוועגנ, — איז טאקע געווענ אַ טײַנעג, אי דער שראָרע, אי דער גוטער סמעלקע האָט געגנוג געהאט; אָבער אצינדערט, זײַט די מאסינענ זענענ ארויסגעקומענ, איז אינ אלע ווינקלענ דאָ טוווּעס זייער אסאך. אונ וואָס נאָך — די שראָרע קענ סוינ, כלעבנ, גאנצ גוט כעסבענענ אויך.

פרעמדער (צו זיך אינ דער שטיל): ליידער, ווערדענ דיזעס איינענ שעלמס וועגענ מעהרערע עדעל־דענקענדע יודענ פאָנ אנדערענ נאציאָנענ פעראכטעט.

בערל (קומט דורך דעם טויער צו גיינ אונ ברענגט אַ בוטעלקע ווײַנ מיט צוויי גלעזלעך, שטעלט אנידער אפ דער באנק, גיסט אָנ אונ גייט ווידער דורך דעם טויער אוועק).

ר׳ שמעלקע (נעמט אַ גלעזל ווײַנ אונ טרינקט): לעכאיִמ! אָט דאָ פארזוכטס עפּעס גוטס, זאָל מיך גאָט, באָרעך הו, סטראָפנ, אויב איר קריגט אײַך אזוי אַ ווײַנדל אינ גאנצ דער לעמבערג, טאקע נאָר אַ מאסלים, פארזוכטס נאָר!

פרעמדער (טרינקט): לחיים! נאַ, זייער גוט קען מען נישט זאָגן, אז ער איז אביסל אונטערגעמאכט, שײַנט ער אויך צו זײַן.

ר' שמעלקע: וואָס? אונטערגעמאכט? גלייבט זיך מיר בענעמאָנעס סעלי, אז אין מײַן גאנצן קעלערל וועט איר זיך ניסט געפינען אפילע איין טראָפּל ווײַן אונטערגעמאכטן. איך באדארף זיך, אָסער כאזער, ניסט בארימען, פרעגטס אײַך נאָך אין גאנץ דער לעמבערג, וועט אײַך איטלעכער זאָגן, אז באם גראָבן ליטוואק איז דאָ די בעסטע ווײַן. איך בין זיך ניסט אזויוי אנדערע, וואָס סיקן ערסט צו די סענקער, אז אן אוירעכ וויל זיך א גלעזעלע ווײַן; בא מיר זעט איר, (ער ווײַזט אים דעם שילד אף דעם לאָדן) בא „די מעראגלים", איז דאָ א גאנצ סיינ קעלערל מיט ווײַן. אונ פאר דאָס העלפט זיך מיר טאקע דער אייבערסטער, אז איך האָב זיך מיר מײַן פארנאָסע בעקאָוועד, לחיים! (ער טרינקט).

פרעמדער: עס האָט א פּאָנעם, אז איר שטייט אײַך אלע הי נישט שלעכט?

ר' שמעלקע: אָט מוצעס מען זיך אף דער וועלט. (ער טרינקט).

פרעמדער: ווי גייט עס הי איינעם ר' מוישע?...

ר' שמעלקע (פאלט אים אינ די רייד אריַין): גוט, גאנצ גוט. (ער טרינקט) גאָר א וואונדער.

פרעמדער: וועלכן ר' מוישע מיינט איר דען?

ר' שמעלקע: ווייס איך? וועלכן מיינט איר? — איר טרינקט דאָך אָבער עפּעס גאָר ניסט?

פרעמדער (שמייכלט): נישקאָשע, איך וועל שוינ טרינקען; איך מיינ דעם ר' מוישע, וואָס מע רופט אים ר' מוישע מעל־ייִד, ווײַל דאָס ווײַב זײַנס זיצט מיט שפּײַז אונ מיט מעל.

ר' שמעלקע: ר' מויסע מעל־ייִד? אהא! אהא! איך ווייס סוינ, איך ווייס סוינ, — וואָס די ווײַב זײַנע היישט זיך סערקעלע?

פרעמדער: יאָ, יאָ, סערקעלע, סערקעלע, דעם מיינ איך, דעם!

ר' שמעלקע: דעם מיינט איר? האָ־האָ! ווו איז סוינ די סערקע! ווו זיצט זי סוינ מיט די מעל! (ער טרינקט) האָ־האָ!

פרעמדער (דערשראָקן): וואָס? סערקע איז געשטאָרבן?

ר' שמעלקע: אָט, וואָש רעדט איר דאָ געסטאָרבן, די מאלכאמאָמעס האָט זיך איבער סלעכטס גאָר קיינ סליטע ניסט, אָסער! (ער טרינקט אויס זײַן גלעזל ווײַן, דערגיסט דעם פרעמדנס גלעזל אונ גיסט זײַנס ווידער אָן).

פרעמדער: וואָס דען מיינט איר? זאָגט מיר, מײַן ליבער ר' שמעלקע! (זייער אומגעדולדיק) איז זי עפּשער, כאָלילע וועכאס, קראנק?

ר' שמעלקע: אָט, וואָס זאָגט איר פלוצלינג קראנק! אף אלע ייִדישע קינדער געזאָגט איר געזונט אונ איר אסירעס, געסעדיקט זאָל זי ווערן! פאר וואָש פאר א נויט זאָל זי זיך נאָך זיצן מיט די מעל? ווייסט איר דען ניסט, אז סערקע האָט עפּסער צוועלעף טויזנט קערבלעך איר אייגנס, אונ עפּסער נאָך מער?

פרעמדער (גאנצ רויִק): אזוי! זי איז א נעגידע? זייער פײַן, דאָס איז עפּעס אנדערשט.

ר' שמעלקע: וואָש? א נעגידע? א נעגידע, זאָגט איר? אלץ הייסט א נעגידע! עס איז דאָך איצט גאָרניסט צוצוטרעטן צו איר, זי איז זיך דאָך בא זיך



אזוי גרויס, ווי א סווארצ יאָר. אונ פאר וואָש, פאר וועג ווייסט אויך דער סווארצער יאָר; עפּסער ווײַל זי האָט זיך די געלט? אָסער כאזער! זי האָט זיך נאָך ניסט גאָט בא די פּיס אָנגענומען; קיינ פלעקעלע קען זי זיך אויך ניסט פארסלאָגן! ניסקאָסע, די רעדעלע קען זיך נאָך ווידער צוריקדרייען.

פרעמדער: האָט מיר נישט פאריבל, מײַן ליבער ר' שמעלקע, איר ווייסט דאָך, אז איך בינ גאָר א פרעמדער, אונ די סערקעלע גייט מיך גאָרנישט אָן, נאָר טשיקאווע בינ איך פּאָרט צו וויסן, פארוואָס איר זענט דאָס אזוי בייז אף איר?

ר' שמעלקע: ווײַל איך זע זיך, אז איר זײַטס א קלוגער ייִד, וועל איך זיך אײַך די גאנצע מײַסע גאָר בעקיצער דערציילן. (ער טרינקט) ווי איר זעטס מיך אָן, הייש איך ר' סמעלקע, אף די דײַטסע נאָמען סמעלקע טרויניקס, די היגע לײַט אָבער, נאָך צום מיינסטן מײַנע סאָנים, רופן זיך מיר „דער ליטוואק". אונ פארוואָש? ווײַל איך בינ זיך פון דער ליטע, א בירטיקער פון דער ווילנע; איך זאָג אײַך, די ווילנע — א קעהילע קדוישע! איר זײַטס דאָך בעוואדע אמאָל דאָרטן געוועז, אינ דער ווילנע?

פרעמדער: אמאָל, אמאָל.

ר' שמעלקע: ווי געפעלט אײַך דאָרט די גרויסע העגל־לײַכטער אונ די כצאָס־בעסמעדרעסל? ניסט וואָר, סיינ? כלעבן, גאָר א צאצקע! מײַנע אָוועס אוויסיינו זענען זיך דאָרט טאָמיד געווען פארניישים אונ נעגידים; מײַן טאטע דער צאדיק, אָלעוו האשאָלעם, זײַן זכוס זאָל אונדז בײַסטיין, פלעגט טאָמיד צו טרײַבן זײַן מאסע־אומאטן מיט פּראָדוקטן קיינ דער לעמבערג, אמאָל מיט יוכטן, אמאָל מיט כיילעוו אונ אמאָל מיט עניש. איינמאָל איז ער זיך געפאָרן אהער מיט כאזער־האָר, האָט ער זיך מעיאסעוו געווען אונ האָט איניינוועגס מיך דאָ מעסאדעכ געווען מיט די באלעבאָס א טאָכטער, וואָש ער פלעגט זיך טאָמיד בא אים אײַנצוסטיין. (ער טרינקט) בעקיצער, איך האָב זיך לעמאזל כאסענע געהאט, אונ גאָט, באָרעכ הו, האָט זיך מיר געסיקט די בראָכע, — איך בינ זיך געוואָרן א גרוישע אדיר, איך האָב זיך א סיינ אײַנפאָרהויז, א סיינ קעלערל מיט ווײַן, א סיינ ביסעלע זילבער, אונ די געלט גענוג. נו, האָט זיך מיר גאָט פאראיאָרן א גרוישע צאָרע צוגעסיקט, דעהײַנע: מײַן ווײַב פייגעלע איז זיך פלוצלינג פון אלע סטיגנ אראָפּגעפאלן אונ איז זיך נעבעכ יונגערהייט פארסטאָרבן. איך האָב זיך געוויינט, געכאלעסט אונ געיאָמערט; נו, וואָש העלפט אָבער דאָש קלאָגן? פארסטאָרבן בלײַבט פארסטאָרבן, אונ איך האָב זיך געמוזט אליינ אן אייצע געבן. (ער טרינקט) א סיינ ביסעלע צירונג האָט זי מיר אויך איבערגעלאָזט, בעקיצער, אײַך דאָ ניסט לאנג צו באלאמוצען, — איך בינ זיך א יוסטער נאָגיד...

פרעמדער (אומגעדולדיק): נו, בעקיצער!

ר' שמעלקע: מיילע, בעקיצער, גאָר ניסט מאריכ צו זײַן (ער טרינקט אויס זײַן גלעזל אונ גיסט אים ווידער אָן) האָב איך זיך דאָ פאר א פּאָר וואָכן געסיקט א סאדכן, איינעם ר' סמערעלע, א קאָסערן ייִד, צו דער סערקעלע; זי האָט זיך א מיידל, אפילע א פײַן מיידל, זי איז זיך, פראוודע, א קאפיצקע א פראנצימירקע אונ פון די הײַנטיקע וועלט אויך, — אינ א גאָשפּאָדע אָבער, נאָך דערצו אזוי א גאָשפּאָדע, ווי די מײַנע איז זיך, באדארף מען טאקע אזוינס האָבן, ווייש איך פיל, מאָלטס אײַך, אמאָל מיט א שראָרע צו סמועסן אונ אים בעקאָוועד צוצונעמען, אונ ווידעראמאָל זיך צו קענען

א בייזער און א געסריי אויך צו געבן; איר ווייסט דאָך אוואדע, ווי עס פירט זיך אין אזוי א גאָשפּאָדע, ווי די מײַנע איז זיך?

פּרעמדער (אומגעדולדיק): נו, נו, ווײַטער, נאָר בעקיצער!

ר' שמעלקע: מיילע, בעקיצער, איך וויל זיך אײַך דאָ ניסט לאנג דאָקוצען, איר זײַטס מיד פונעם וועג, מיילע! יאָ! דאָס! הע! זעט איר, איך פארגעש זיך איינש פאר ש'אנדערע. די איקער, פארוואָש האָב איך זיך פאָרט געסיקט צו סערקעלען? ווײַל איך האָב זיך געהערט מיפּי איש נעמען, אז זי וויל נאָכגעבן דעם מיידל ערעך פערצן הונדערט קערבלעך מעזומען, כוץ מאטאָנעס און סאָריעראָקעס, און א באסיעכידע איז עס דאָך אויך. מיילע, בעקיצער, קען זיך אזוי א סערקעלע, וואָס איז ערסט פאר עטלעכע יאָרן געזעסן מיט די ספּײַז און די מעל, און איר פאָטער איז זיך אויך קיין סויפער ניסט געוועזן,— נו, וואָש, ער האָט זיך יאָ געקענט לערנען, זאָגט די וועלט, נו, וואָס איז זיך נאָך דער מער, איך האָב זיך סיין געזען א גאנץ סאך יידן ווילערנערס ארומגיין אין די הײַזער קאפּצענען!

פּרעמדער: ליידער איזט עס ווארהײַט. נו, דערציילט שוין, בעקיצער.

ר' שמעלקע: מיילע, ספּיץ בעקיצער. (ער טרינקט אויס זײַן גלעזל ווײַן און גיסט ווידער אָן) זאָל איך זיך הײשן נאָך איין בוטעלקעלע ארופנעמען, יאָ?

פּרעמדער: דערציילט נאָר, דערציילט נאָר.

ר' שמעלקע: טייקעף, טייקעף. (ער שרײַט ארײַן דורך דעם פענצטער) בערל! נאָך איין בוטעלקעלע!

פּרעמדער (צו זיך אין דער שטיל): ווי ער מיך יעצט זאָ גוט בעדינט, ער ערחארטעט ניכט איינמאל מײַנע בעפעהלע. (הויך צו ר' שמעלקען) נו, שפּיץ בעקיצער...

ר' שמעלקע: מיילע, ספּיץ בעקיצער, וואָש איז דאָ מיט דער קאָל-האקלאָווימטע די ייכעס? איר ברודער איז יאָ עפּסער עפּעש א סטיקעלע לײַט געוועזן, האָט ער אויך געמוזט פאר עטלעכע יאָרן אויקער זײַן איבער א מײַסע סעהאָיאָ און איז טאקע סוין ניסט מער צוריקגעקומען,— מיילע, קען זיך אזוי א צאָרע, אזוי א לייד, אזוי א סערקעלע, מיר, א היגן נאָגיד, (ער גלעט זיך דעם בויך) אן אויסער, כלעבן, דורך דעם ר' סמערעלע באפּעלן קעהײַ ליסנע: „מײַן באסיעכידע וועט זיך ערסט לערנען מעסטן די האָבער און רעדן די ליטווישע לאָסן, דערנאָך וועט זי עפּסער ערסט קענען ווערן סמעלקע ליטוואקס קאלע“. דאָש קען זיך אזוי א פּראָסטע מעלײדענע מיר באפּעלן! איך האָב זיך נאָר געסעמט פאר די סאדכן, פאר די ר' סמערעלע; נו, וואָש איז, אז איך רעד זיך סוין יאָ די ליטווישע ספּראָך? דאָ אין דער לעמבערג לאכט מען זיך אויס די ליטווישע ספּראָך, און באַ אונדז אין דער ווילנע לאכט מען זיך ווידער אויס די היגע ספּראָך,— איך האָב זיך, אָסער כאזער, די אלע ספּראָכעס ניסט געמאכט.

בערל (ברענגט ווידער א בוטעלקע ווײַן און גייט אוועק).

ר' שמעלקע: זעט איר, מײַן גוטיצקער ר' סלאמקע, איך האָב זיך גאָרניסט מאריך געווען. פארוואָש טרינקט איר אָבער ניסט, עס איז דאָך טאקע גאָר א מאסליס! (ער טרינקט מיטאמאָל אויס זײַן גלעזל ווײַן).

פּרעמדער: נישקאָשע, טרינקט איר נאָר, איך וועל שוין טרינקען. (ער טרינקט) אזוי, מײַן ליבער ר' שמעלקע, האָט איר טאקע א טאם פאר עפּעס בייז צו זײַן.



ר' שמעלקע (דערגיסט דעם פּרעמדנס גלעזל און גיסט זײַנס אויך אָן): לעכאַיִם! (ער טרינקט) אויב איך האָב זיך א טאם! און אפילע א גוטן טאם!

פּרעמדער: איך קען זי פון לאנג, די סערקעלע, איר מאן אָבער איז א גאנץ ערלעכער ייִד, נישט וואָר?

ר' שמעלקע: ווער, ר' מויסע? יאָ, ער איז זיך נעבעך גאָר א פּראָסטאק, ער גייט זיך נאָך זײַן סטייגער,— נאָר צו וואָש טויג זיך אפילע די גוטע מאסקע, אז זי איז זיך באַ די סלעכטע סענקער אין די האנט? די מאסקע איז זיך טאקע בעעמעס גוט, די סענקער איז זי אָבער מעכאלע— דאָש איז די מאָסל, און דאָש איז זיך די נימסל: סערקעלע קען זיך סוין מיט די ר' מויסע אן אייצע געבן; זי פארדרייט אים סוין גוט די קעפּעלע. (ער טרינקט).

## דריטער ארײַנקום

### דער פּרעמדער, ר' שמעלקע, ר' גאווריִעל

ר' גאווריִעל (קומט צו גיין פון דער גאס און גייט זיך א פּאָר מאָל אהין און אהער פארבײַ דעם פּרעמדן און קוקט אים אלעמאָל אָן; ער שפּילט זיך מיט א שטעקעלע אין דער האנט און זינגט אזוי פאר זיך אין דער שטיל א ניגנדל. אין דער אנדערער האנט טראָגט ער א קעסטל, גאנץ גוט פארבונדן אין א סערוועט).

ר' שמעלקע: אזוי? איר קענטס אײַך גאָר די סערקעלע? עס האָט א פּאָנעם, אז איר האָט סוין אמאָל געמוזט זײַן באַ אונדז אין דער לעמבערג?

פּרעמדער: אמאָל, אמאָל, עס איז אָבער שוין זייער לאנג.

ר' גאווריִעל (בלײַבט פּלוצלינג שטיין פאר דעם פּרעמדן און פרעגט ר' שמעלקען): דער האר שײַנט מיר עפּעס זייער באקאנט צו זײַן— איז ער נישט א בראָדער? הא? נישט וואָר? געטראָפן?

ר' שמעלקע (שוין אביסל פארשלאָפן): געטראָפן, יאָ, איך וויש ניסט...

פּרעמדער (צו ר' גאווריִעלן): ניין, איך בין נישט קיין בראָדער.

ר' גאווריִעל: אָבער קיין היגער אוואדע נישט, הא? געטראָפן? (ער שטעלט אנידער דאָס פארבונדענע קעסטעלע אף דער באנק און גיט דעם פּרעמדן די האנט) שאָלעם-אלייכעם!

פּרעמדער (גיט ר' גאווריִעלן די האנט): אלייכעם האשאָלעם!

ר' שמעלקע (כאפּט זיך אוף פונעם שלאָף און טרינקט): אָבער, מײַן גוטיציקער ר' סלאמקע-לעבן! איר טרינקט דאָך גאָרניסט. (ער ווערט אנטשלאָפן אף דער באנק זיצנדיק און האלט די האנט באַ דער בוטעלקע).

ר' גאווריִעל (צו דעם פּרעמדן): וואָס הערט מען דאָרט עפּעס אין אײַער ווינקל?

פּרעמדער: באַ אונדז? גאָר קיין נײַס.

ר' גאווריִעל: וועט איר הי עפּעס האנדלען? אָדער האָט איר עפּשער עפּעס צו פארהאנדלען? האָט נישט פאריבל, וואָס איך פרעג אײַך, וואָרן, ווי איר קוקט מיך אָן, בין איך אויך א היגער סויכער און ווי הייסט, טאקע א גרויסער שפּעקולאנט— איך האנדל איבער וועלטן; מײַן נאָמען איז אומעטום באקאנט; ווו איר וועט נאָר אָנכאפּן, קען מען מיך אלץ; איך האָב טאָמיד בריוו פון אלע גרעסטע סאָכרים פון

אלע גרעסטע שטעט! אָט, זענט איר עפּעס אין קונדשאַפט מיט די געברידער וואַלצ־מאַן אין מאָסקווע?

פּרעמדער: ניין.

ר׳ גאַוורי׳על: ניין? אַ כידעש, כלעבן, ווער קען די לײַט נישט? איך וועל אײַך דאָ ווײַזן אַ בריוו, (ער זוכט אין די קעשענעס) וואָס איך האָב ערשט אייערנעכטן פון זיי געהאַט, וועגן אַ קליין קאָמיסיאָנדל פון צוועלעף טויזנט צענטנער באַוול... אַ שאָד, איך האָב דעם בריוו נישט בײַ מיר... אָדער, קענט איר עפּשער דאָס הויז קי־טאַיאָפּ אין בערלין?

פּרעמדער: ניין, איך קען די אַלע הערן נישט, איך האָב אַפילע קיינמאָל פון זיי נישט געהערט.

ר׳ גאַוורי׳על (צו זיך אין דער שטיל) איך אויך אָסער נישט! (הויך) וואָס? דאָס הויז קיטאַיאָפּ קענט איר נישט? איר טרײַבט קאַטאָוועס,— ווי קען מען נישט אַזוינע גרויסע שפּעקולאַנטן? זיי זענען דאָך מאַמעש די גרעסטע סאָכרים אין גאַנץ האָלאַנד!

פּרעמדער: אין גאַנץ פּרײַסן, ווילט איר זאָגן, וואָרן בערלין איז די הויפּט־שטאָט פון פּרײַסן.

ר׳ גאַוורי׳על: דאָס האָט גאָרנישט צו דער זאַך; פונדעסטוועגן האָב איך טאָ־מיד בריוו פון זיי, אָט, ווען איז עס געווען, הע? מיר דאַכט זיך, דעם עלעפטן, יאָ, האָבן זיי מיר דאָ אײַנגעשיקט אַ גאַנץ קעסטעלע מיט צירונג, פּערל און דימענטן,— זענט איר עפּעס אַ מייוון אויף אַזעלכע זאַכן?

פּרעמדער: איך פלעג אַמאָל אַ גרויסער מייוון צו זײַן אויף דימענטווארג, איצט ווייס איך נישט, ווײַל איך האָב שוין לאַנג דערמיט נישט געהאַנדלט.

ר׳ גאַוורי׳על: איר זאָלט מיר הונדערט און צוואַנציק יאָר לעבן, איר זענט מיר פאָרט זייער קענטלעך, זענט איר נישט אַמאָל געווען אין ברעסלע?

פּרעמדער: דורך ברעסלע בין איך אַצינד דורכגעפאָרן, ווײַטער בין איך דאָרט קיינמאָל נישט געווען.

ר׳ גאַוורי׳על (צו זיך אין דער שטיל): איך אויך נישט. (הויך) אָבער פון מיר האָט איר קיינמאָל נישט געהערט? אַ כידעש, כלעבן, איר זאָלט מיך נישט קענען; מע קען מיך, געלויבט צו גאָט, אומעטום פאַר אַן ערלעכן מאַן. אָט פרעגט נאָר אײַער באַלעבאָס. (ער פאַרדרייט זיך צו ר׳ שמעלקען) ר׳ שמעלקע! קענט איר מיך? אַהאָ! ער שלאָפט גאָר! (ער שרײַט) ר׳ שמעלקע! ר׳ שמעלקע!

ר׳ שמעלקע (כאַפּט זיך אויף): הע? וואָש? זאראַס! זאראַס!

ר׳ גאַוורי׳על: קענט איר מיך? ר׳ שמעלקע!

ר׳ שמעלקע: גוט, זייער גוט, סטייט סוין בײַ מיר אין קעלער אַליין אוואַדע אַכט יאָר, גאָר אַ מאַסלים! (ער טרינקט אויס דער בוטעלקע און שטעלט זי ווידער אַנידער אויף דער באַנק) אָ, גאָר אַ מאַסלים! (ער ווערט ווידער אַנטשלאָפן).

פּרעמדער (לאַכט): לאָזט אים גיין, ער האָט אַביסל צופיל געטרונקען.

ר׳ גאַוורי׳על: יאָ, ער האָט דאָס נישט פײַנט, דאָס איז שוין זײַן טעווע אַזוי פון לאַנג. זאָגט מיר נאָר, מײַן ליבער ר׳ קאָרעוו, אַז מיר זע׳מיר יאָ שוין אַביסל צווישנאַנאַנד באַקאַנט געוואָרן, העט איך נישט געקענט האָבן דאָס גליק, איר זאָלט מיר עפּעס געבן צו לייזן, פאַר פּערל, דימענטן, אוירינגלעך, פינגערלעך שיינע?



כלעבן, קויפט; קויפט עפּעס אויף אַ שפּעקולאַציע, אָדער לאָמיר שטעכעווען אויף עפּעס; איך וועל אײַך אוואַדע ערלעך באַהאַנדלען— איר וועט אַליין מודע זײַן, אַז איר קויפט בײַ מיר גאָר אַ געניייווע. קויפט נאָר, קויפט, איר וועט מיר בעוואַדע דאַנקען.

פּרעמדער: איך זאָג אײַך דעם עמעס, איך האָב מיך אַצינד גאָר פונעם האַנדל אָפּגעלאָזט.

ר׳ גאַוורי׳על: איך זאָג אײַך אָבער גאָר אַ מעציע, איר וועט אוואַדע מעיא־מער זײַן דרײַ מאָל עכאָד בעעכאָד,— אָדער ווייסט איר וואָס? קויפט עפּעס אַהיים פאַר אײַער ווײַב און קינדערלעך, זאָלן לעבן!— אויף נעמאָנעס, איך וועל אײַך גאַנץ וואָלוול פאַרקויפן, טאַקע אונטערן קערן, ווײַל איך באַדאַרף געלט. מאַכט מיר אַ גוטן פּעטשאָנטעק.

פּרעמדער: ווייס איך! איך זאָל זען די סכוירע, העט מיר עפּשער געקענט עפּעס געפעלן; האָט איר דען דאָ בײַ אײַך עפּעס סכוירע?

ר׳ גאַוורי׳על: איך האָב דאָ גראָד בײַ מיר אַביסעלע סכוירע, וואָרן איך קום דאָ איצט פון דער גרעפין סטרעלקאָווסקאַ— זי האָט מיך הײַנט באַשטעלט, איך זאָל איר אַביסל פּערל און דימענטן ברענגען, האָב איך זי איצט נישט געטראָפן אינדער־היים; עס איז שוין, ווי איך זע, אײַך באַשערט. אויב איר ווילט, וועל איך אײַך ווײַזן די סכוירע. (ער קוקט זיך אום אויף אַלע זײַטן, אויב עס קוקט ניט עמעץ).

פּרעמדער: לאָמיך נאָר זען.

ר׳ גאַוורי׳על (פּאַקט אויף דאָס קעסטל און רעדט): אוואַדע, וואָס שאַדט אײַך דאָס באַקוקן, איר וועט דאָך מיר פאַר דעם נישט באַצאָלן. (ער קוקט נאָכאַמאָל אויף אַלע זײַטן).

פּרעמדער: וואָס קוקט איר אײַך אַלץ אַזוי אום? צי האָט איר מוירע פאַר עמעצן, צי וואָס?

ר׳ גאַוורי׳על: איר זענט קיין היגער נישט, האָט מיר נישט פאַריבל, ווייסט איר נישט; אין לעמבערג מוז מען מוירע האָבן מיט אַלע סכוירעס אויביפראַט מיט דימענטווארג, וואָרן איינס זענען הי מער שכיִעך גאַנאָווים, ווי ערגעץ אַנדערשט, און ס׳אַנדערע, האָב איך טאַקע מוירע פאַר אַן אײַנהאָרע. (ער עפנט אויף דאָס קעסטל) קוקט נאָר, ווי דאָס פאַרבלישטשעט די אויגן! (ער נעמט אַרויס אַ פּאַטרעטל אויס דעם קעסטל) ווי געפעלט אײַך דאָס פּאַטרעטל מיט בעריליאַנטן? דאָס מוז אוואַדע זײַן עסטער האַמאַלקעס פּאָרטרעט. (ער מאַכט צו דאָס קעסטל און פאַרדעקט עס מיט דעם סערוועט און גיט דעם פרעמדן דאָס פּאַטרעטל).

פּרעמדער (איז איבער דער צײַט, וואָס גאַוורי׳על האָט זיך דאָ געפּאָרעט מיט דעם קעסטל, גע־שטאַנען פאַרטראַכט; איצט נעמט ער בײַ ר׳ גאַוורי׳עלן דאָס פּאַטרעטל און באַקוקט עס, און גיט פּלוצ־לינג אַ פאַל אַנידער אויף דער ערד נעבן ר׳ שמעלקען כאַלאָשעס, מיט אַ געשריי): אַך, גאָט! מײַנע ראָכעלע! (ער שלעפּט אין פאַלן ר׳ גאַוורי׳עלן מיט באַם גאַרטל).

ר׳ גאַוורי׳על (פאַלט אויף דעם פרעמדן אַרויף, ווויל זיך אויפהייבן און קען נישט. ער וואַרפט מיט דער אַנדערער האַנט דאָס קעסטל אונטער דער באַנק אַרונטער און דעקט עס צו).

ר׳ שמעלקע (כאַפּט זיך אויף פונעם שלאָף מיט זייער גרויס דערשרעק און פאַלט איבער ר׳ גאַוורי׳עלן, שלאָגט אים און שרײַט גאַנץ הויך): בערל! פײַוול! הערסל! וועלוול! סאַקאָנע! ראַטעוועטס! ראַטעוועטס! געסווינד! געסווינד! אוי וויי געסריגן! געסווינד, געסווינד, די רײַכע סויכער כאַלעסט!

## פערטער אריַינקום

בערל (מיט עטלעכע יונגען קומען פון דעם טויער ארויס צו לויפן) דער פרעמדער, ר׳ גאוורי̤על, ר׳ שמעלקע

בערל מיט די יונגען (הייבן אוף ר׳ שמעלקען און שריַיען): גוואלד! וואָס אי דאָס! וואָס אי דאָס?

ר׳ שמעלקע (שריַיט): נעמטס אים, האַלטס אים, כאַפּטס אים, דעם רוציַיעך! בערל! ראַטעווע די רײַכע סויכער, געסווינד, געסווינד, נעם זיך די וויַין, רײַב זיך די דייפּעק!

בערל (כאַפּט די בוטעלקע מיט וויַין און באַגיסט דעם פרעמדן און רײַבט אים די שלייפן און דעם דייפּעק).

די יונגען (הייבן אוף ר׳ גאוורי̤עלן, האַלטן אים און שריַיען): האַלטס אים, דעם גאַנעוו! האַלטס אים, דעם גאַזלען!

ר׳ שמעלקע (שריַיט גאַנץ הויך אין גאַס אריַין אף ביידע זיַיטן): גוואַלד! קומטס אהער! גוואַלד! ראַטעוועטס, ראַטעוועטס!

## פינפטער אריַינקום

לאַמפּערטעס און דריַי שאַמאָסים קומען פון דער גאַס און פירן רעדלעכן און הינדען ביידע מיט א שטריק צונאַנדערגעבונדן; כאַווע און כאַי̤ם (גייען נאָך און וויינען); די פריריקע פאַרשוינען

שאַמאָסים (שריַיען): וואָס אי דאָס? וואָס אי דאָס? וואָס איז דאָס דאָ פאַר א ליאַרעם?

ר׳ שמעלקע: קומטס איַיך, קומטס נאָר אהער — א גאַנעוו, א רוציַיעך האָט מען געכאַפּט.

שאַמאָסים: גוט, גוט, גיטס אים נאָר אהער, מיר פירן שוין צוויי, גיטס אהער דעם דריטן אויך, וועל׳מיר האָבן דריַי מאָל יידן געכאַפּט.

ר׳ שמעלקע (וויַיזט אף ר׳ גאוורי̤עלן): דאָ איז ער, נעמטס אים. (צו בערלען) רײַב גוט, רײַב, רײַב די סויכער.

שאַמאָסים (נעמען ר׳ גאוורי̤עלן צווישן זיך): קום, ברודער!

ר׳ גאוורי̤על (וויַיזט אף הינדען מיט רעדלעכן): לאָזטס מיך אָפּ, אָט אָ די מענטשן קענען מיך, וואָס ווילט עץ פון מיר האָבן, וואָס? איך בין א היגער סויכער, אוועק פון מיר, אוועק, לאָזטס מיך גיין! אדעראבע, פרעגטס די מענטשן, אז איך בין אן ערלעכער מאַן! (ער וויל זיך אויסריַיסן פון די שאַמאָסים און קען נישט).

לאַמפּערטעס (שריַיען): א טשי! א בע! האַלטס אים, דעם גאַנעוו, א טשי! א בע!

רעדלעך (צו די שאַמאָסים): לאָסט איהן לאָז, עס איזט וואהר, וויר קענען איהן, ער איזט איינע היזיגער קויפמאַן.

הינדע: יאָ, יאָ, איך קען אים אויך גאַנץ גוט, אזוי גוט, ווי מיך אַליין.

ר׳ שמעלקע: יאָ, יאָ, איך וויַיס זיך שוין, דו קענשט אים, ווי דיך אַליין; איר זיַיטס איַיך פון איין מישפּאָכע, ער איז זיך א גאַנעוו, און דו אויך. (ער שריַיט צו די שאַמאָסים) נעמטס זע, סלעפּטס זע אין די כיידער.



שאַמאָסים (שריַיען): נעמטס אים, דעם הונט! (זיי ווילן אוועקגיין מיט רעדלעכן, הינדען און ר׳ גאוורי̤עלן).

כאַווע (גיט פּלוצלינג א פאַל אנידער נעבן דעם פרעמדן און שריַיט): גוואַלד! מיַין באַלעבאָס! גוואַלד! ראַטעוועטס! הינדעלע! ראַטעווע! ראַטעווע! גוואַלד! דער טאַטע! דיַין טאַטע! אוי וויי, באַלעבאָס לעבן! גוואַלד!

שאַמאָסים (בליַיבן שטיין): וואָס איז דאָס ווידער? וואָס איז דאָס ווידער פאַר א געשריי?

הינדע און רעדלעך (לויפן צו צום פרעמדן און שריַיען ביידע אפאמאָל): מיַין טאַטע? ווו? ווו איז ער? גוואַלד! (זי ריַיסט אים) הער גוטהערצ? אום גאָטעס ווילן! רעטעט! (ער כאַפּט ארויס אויס דער קעשענע א פלעשעלע און האַלט עס דעם פרעמדן פאַר דער נאָז).

פרעמדער (קומט ביסלעכוויַיז צו זיך): ווער — וואָס — הינדע־לעבן! ווו?... ווו?... מיַין קינד!

אלטע (שריַיען מיטאמאָל): ער לעבט! ער לעבט!

ר׳ שמעלקע (צו בערלען): ברענג זיך נאָר געסווינד צוויי־דריַי בוטעלקעס וויַין, די רײַכע סויכער לעבט, געסווינד, געסווינד, — אָדער ניין, ניין, סריַיב זיך נאָר אוף, וועט סוין גענוג זיַין, נאָר געסווינד, געסווינד!

פרעמדער (ליגט גאַנץ שטיל און קען זיך נאָך נישט דערמאַנען).

כאַווע (שטייט פון איין זיַיט און פאָכט אף דעם פרעמדן מיט דעם פאַרטעך און שריַיט): גוואַלד! ראַטעוועטס מיַין גילדענעם באַלעבאָס!

כאַי̤ם (שטייט פון דער אנדערער זיַיט און פאָכט אף דעם פרעמדן מיט די פּאָלעס און שריַיט): גוואַלד! מיַין גילדענע כאַווע־לעבן!

פרעמדער (רײַבט זיך אויס די אויגן): גאָט! איזט עס ווירקליכקײַט, אָדער בלאָס איין טרוים?

הינדע (קושט דעם פרעמדן און העלפּט אים זיך אופהייבן): ניין, גילדענער טאַטעניו! עס איז נישט קיין כאָלעם, איך, הינדע, שטיי דאָ נעבן דיר, איך בין דיַין טאָכטער, דערמאַן דיך נאָר, טאַטעניו! דו ביסט דאָ בא דיַין קינד!

פרעמדער (וויל הינדען מיט ביידע הענט ארומנעמען, און ווי ער זעט, אז זי איז געבונדן, לאָזט ער זי פּלוצלינג נאָך און כאַפּט זיך אָן מיט ביידע הענט באַם קאָפּ און שריַיט): אך! וואס איזט דאס? מיַינע טאָכטער געבונדען? — ניין, ניין, דיזע איזט ניכט מיַינע טאָכטער, וועג, וועג, עס וואר איין טרוים. דו ביסט ניכט מיַין קינד. ניין, ניין. (ער פאַרהאַלט זיך מיט ביידע הענט די אויגן).

הינדע (פאַרהאַלט זיך דאָס פּאָנעם מיט ביידע הענט און וויינט זייער שטאַרק): גאָט! איצט לאָמיך שוין שטאַרבן.

רעדלעך: אבער, טײַערער ה׳ גוטהערצ! פאַסען זי זיך[1] נור, אום גאָטעס ווילען! הערען זי אונס נור איינע מינוטע: איינע שענדליכע פערלײַמדונג[2]) בראַכטע אונס אין דיזען באַנדען!

הינדע: טאַטעניו! אונדז זען׳מיר אומשולדיק! (זי וויינט און יאָמערט גאַנץ הויך).

כאַווע: געלויבט צו גאָט, באַלעבאָס־לעבן, אז איר לעבט! הערט מיך נאָר אויס, איך וועל איַיך דערציילן, די מײַסע איז אזוי געווען: מע האָט דער באַלעבאָסטע,

---

[1]) באַהערשט זיך. [2]) א בילבל. — רעד.

אײַער שוועסטער סערקעלע, דאָס גאַנצע צירונג אוועקגעטראָגן, האָט זי פּלוצלינג זײַ בײדע אַ בילבל געמאַכט, אַז זײ האָבן דאָס געטון; איך וועל גײן שווערן, אַז עס איז ליגנד, אַז עס איז...

פרעמדער (פֿאַלט איר אין די רײד אַרײַן): וואָס? מײַן שוועסטער? סערקען? דאָס צירונג באַגאַנוועט? ר' שמעלקע! (צו ר' שמעלקען) ווו איז אַהינגעקומען דער סויכער? ווו איז דער יונגערמאַן, וואָס האָט מיר דאָ געוואָלט צירונג פֿאַרקויפֿן? ווו איז דאָס קעסטל? גאָט! וואָ איז דאָס בילד מײַנער זעליגער ראָכעלע? (ער זוכט אויף דער ערד און הײבט אויף דאָס פּאָרטרעטל און קושט עס, דערנאָך הײבט ער אויף דאָס קעסטעלע פֿון אונטער דער באַנק) אָ, געטליכע פּאָרזעהונג! וואונדערפֿאָל זײַנען דײַנע האַנדלונגען!

כאַווע און כאַיִם (שרײַען מיטאַמאָל): אוי ווײ מיר! דאָס איז דאָך דער באַלע־באָסטעס צירונג!

ר' שמעלקע: ער איז דאָ, דער באָכער! (צו די שאַמאָסים) גיטס זיך נאָר אַהער דאָס קאָסערע יידעלע, יוי, יוי, אַ פּײַניצקער סויכער! ער קויפֿט זיך אַלץ מיט זײַנע קאָסערע הענטעלעך. גיטס אים נאָר אַהער, דעם באָכער!

שאַמאָסים (פֿירן ר' גאַווריִעלן צום פרעמדן): דאָ איז ער.

פרעמדער (ווײַזט אים דאָס צירונג): מאַכ־זשע גאָר קײן צערעמאָניעס נישט, זאָג דעם עמעס, ווערסטו בעסער אָפּשנײַדן. ווו האָסטו גענומען דאָס צירונג? זאָג, איז דאָס דײַן, צי נײן?

ר' גאַווריִעל: איך איבערבעט נישט אײן מאָל, נאָר טויזנט מאָל אײַער קאָוועד, איך וועל אײַך טײַקעף זאָגן דעם עמעס, נאָר איך בעט אײַך, לאָ'מען מיך נאָר נישט אַזוי האַלטן, האָט ראַכמאָנעס, איר זענט דאָך אַ ייִד, איר מאַכט מיך אומגליקלעך אויף אײביק.

כאַווע: אַהאַ! איר זענט דאָס, ר' גאַווריִעל? איצט פֿאַרשטײ איך שוין די גאַנצע מײַסע. וואָס מאַכט איר גוטס, ר' גאַווריִעל? קומט אײַך שוין אַ מאַזלטאָוו? (זי נעמט אָן כאַיִמען בײַ דער האַנט) קום נאָר, כאַיִם! לאָמיר נאָר לויפֿן געשווינד דער באַלעבאָסטע דערציילן, וואָס דאָ טוט זיך! (זײ לויפֿן בײדע אַוועק).

פרעמדער (צו די שאַמאָסים): לאָזט אים נאָך די הענט, ער וועט נישט אַנטלויפֿן.

שאַמאָסים (לאָזן ר' גאַווריִעלן נאָך די הענט): האָט קײן מוירע נישט, פֿון אונדז אַנטלויפֿט מען נישט אַזוי געשווינד.

ר' גאַווריִעל (פֿאַלט אַנידער פֿאַר דעם פרעמדן אויף דער ערד און קושט אים די פֿיס): פֿאָטער־לעבן! גוטער ייִד! האָט גאָט אין האַרצן, האָט ראַכמאָנעס אויף מײַנע יונגע יאָר, איך וועל אײַך אַלץ מוידע זײַן, — זײ זענען בײדע גאָר אומשולדיק! (ער שטעלט זיך אויף) טוט מיט מיר וואָס איר ווילט, איך אַלײן בין דער גאַנצער כײַעוו, איך אַלײן בין דער שולדיקער, זײ האָבן פֿון גאָרנישט געוווּסט, איך אַלײן האָב עס געטון... האָט ראַכמאָנעס!

ר' שמעלקע (גיט ר' גאַווריִעלן אַ פּאַטש): דאָ האָסטו ראַכמאָנעס, אַ רועך אין דײַן טאַטן, דו גאַנעוו! (ער שרײַט צו די שאַמאָסים) נעמטס אים, סלעפּטס אים אין די כײדער.

לאַמפּערטעס (שרײַען און לאַכן): האַ־האַ־האַ, אַ טשי, אַ בע! אַ טשי, אַ בע!

שאַמאָסים (ווילן נעמען ר' גאַווריִעלן): קום!



פרעמדער: לאָזט אים גײן, רירט אים נישט אָן ביז מײַן שוועסטער וועט קומען, נאָר היטס אים, ער זאָל נישט אַנטלויפֿן.

שאַמאָסים (פֿאָלגן אים): גוט, גוט, אונדז וועל'מיר אים שוין היטן, זאָרגט אײַך נישט.

פרעמדער (בינדט אויף הינדען מיט רעדלעכן): יאָ, דו ביסט אומשולדיק, מײַן קינד! (ער כאַפּט זי אַרום מיט בײדע הענט און קושט זי) געלויבט איז גאָט! ער האָט מיר מײַן קינד, מײַן גילדן קינד, מײַן טײַער קינד צוריקגעגעבן! (ער קושט זי גוט אָן) מײַן ראָכעלע אויסן אויג. (ער קושט זי) איך האָב דיך ווידער, מײַן טאָכטער, מײַן הינדע־לעבן! (ער הײבט זי אויף אין דער הײך און גיט איר אַ קוש).

הינדע (נעמט אַרום דעם פרעמדן און קושט אים און וויינט): מײַן גילדענער, האַרציקער טאַטע!

פרעמדער (צו רעדלעכן): נידערטרעכטיק! אויך זי וואַרען געבונדען? (ער נעמט אים אַרום און קושט אים) פֿירכטען זי נור ניכטס [1]), איך בין ווידער בײַ איהנען! (ער קוקט אָן רעדלעכן און הינדען) מײַנע טײַערע קינדער!

רעדלעך (קושט דעם פרעמדן די האַנט): מײַן וואָהלטעטער! מײַן שוצענגעל!

## זעקסטער אַרײַנקום

### ר' מוישע, כאַווע, כאַיִם און די פֿריִקע פּאַרשוינען

ר' מוישע (מע הערט זײַן קאָל נאָך פֿון ווײַט): מײַן דאָוויד! אוי! ווו איז ער? מײַן שוואָגער! ווו איז ער? מײַן גילדענער שוואָגער! (ער קומט אַרײַנצולויפֿן אָן דעם היטל, אָן דעם גאַרטל, דעם קאַפּטן צעלאָזט, ער פֿאַלט דעם פרעמדן אַרום דעם האַלדז און קושט אים) דו ביסט דאָ, מײַן דאָוויד! מײַן שוואָגער־לעבן! מײַן דערלײזער! געלויבט איז גאָט, דו ביסט ווידער דאָ, דו לעבסט. (ער קושט און גלעט אים, ווי מע גלעט אַ קלײן קינד) יאָ, מײַן נאַ־כעס, מײַן געדולע, דו ביסט דאָ. (ער רעדט אַביסל אַזויווי מעוועלוול) יאָ, איך ווײס דאָס גאַנץ גוט, דיך האָט גאָט צו אונדז געשיקט; יאָ, יאָ, איך ווײס, דו קומסט פֿון גאַנץ ווײַט; איך ווײס אַלץ, איך האָב דיך געזען. איך האָב שוין לאַנג, לאַנג געוווּסט, אַז דו וועסט קומען; איך געדענק, אוי, איך געדענק גאַנץ גוט, ווי דו האָסט מיך געפֿרעגט: „קענסטו מיך?" (ער קושט דעם פרעמדן) אַצינד ביסטו דאָ, אַצינד איז שוין פֿאַר מיר גענוג געלעבט, אַצינד איז צײַט צו שטאַרבן. (ער נעמט דעם פרעמדן אַרום און קוועטשט אים שטאַרק צו זיך) נײן, איצט וועל איך דיך שוין מער נישט אַוועקלאָזן, נײן, נײן! (ער גלעט אים און וויינט) איך בעט דיך, מײַן דאָוויד־לעבן, מײַן האַרץ, פֿאָר שוין נישט מער אַוועק פֿון מיר, לאָמיך שוין נישט איבער אַלײן! אָדער נײן, נעם מיך מיט מיט דיר, וואָרן אָן דיר בין איך הי געוואָרן אַ גאַזלען, אַ רוציייעך! יאָ, יאָ, דײַן קינדס רוציייעך! (ער פֿאַלט גאַנץ מיד אַנידער אויף דער ערד, נעבן דעם פרעמדן).

פרעמדער (דערכאַפּט אים): מוישע! מוישע! וואָס טוט זיך מיט דיר? זײַ נאָר רויִק.

ר' מוישע: אוי, דאָוויד־לעבן, זײַ מיר מויכל, זײַ מיר מויכל, איך האָב מיך אָן דיר זײער שטאַרק פֿאַרזינדיקט. אָדער נײן, נײן, זײַ מיר נישט מויכל, נײן, באַ־

[1]) האָט ניט מוירע. — ר ע ד.

שטראָפ מיכ ליבער, אזויווי רעכט איז; באשטראָפ מיכ, מיט וואָס דו קענסט נאָר, אזויווי איכ האָב עס בא דיר פארדינט. יאָ, יאָ, לאָז מיכ אײַנזועצנ, לאָז מיכ שמײַסנ, קאטעוועס, שפיזנ, בראָטנ, ברענענ! אוי, איכ האָב עס זייער פארדינט.

**פרעמדער**: מוישע! ביסט מעשוגע? פאר וואָס, פאר וועמ? זײַ נאָר רויִק, אומ גאָטעס ווילנ, דערמאנ דיכ נאָר אביסל, פארוואָס זאָל איכ דיכ באשטראָפנ? זײַ נאָר אביסל געלאסנ, זײַ נאָר רויִק.

**ר׳ מוישע** (אביסל שטילער אונ געלאסענער) נו יאָ... שוינ... אז דו הייסט... יאָ, איכ וועל שוינ רויִק זײַנ, איכ בינ שוינ רויִק... אז דו הייסט, יאָ, איכ פאָלג דיכ... איכ וועל דיכ אלצ פאָלגנ, שוואָגער־לעבנ! אבי באשטראָפ מיכ...

**פרעמדער**: נו, לאָז זײַנ אזוי, פאָלג מיכ, אבי זײַ נאָר רויִק, זעצ דיכ נאָר אביסל אנידער. (צו רעדלעכנ) הער רעדליכ! האבענ זי די גיטע אונד העלפענ זי איהמ, זעצענ זי איהנ דא אויפ די באנק.

**ר׳ מוישע** (דערזעט רעדלעכנ מיט הינדענ אונ גיט פלוצלינג פאר זיי א פאל אנידער אפ דער ערד): אוי וויי מיר! קענט עצ מיר מויכל זײַנ?

**הינדע**: פעטער־לעב! איר זענט גאָרנישט שולדיק!

**רעדלעכ**: הער דאנציגער! בלײַבענ זי נאָר רוהיג! (זיי הייבנ אימ אופ אונ זעצנ אימ אפ דער באנק אנידער).

**ר׳ שמעלקע** (צו זיכ אינ דער שטיל): אָט א דאָש איז, כלעבנ, סיינ, עפעש א גאנצ מיספאָכעלע מיט שאמע גאנאָווימ!

## זיבעטער ארײַנקומ

סערקעלע, אלטעלע, ר׳ יויכענענ אונ די פריריקע פארשוינענ

**סערקעלע** (מע הערט איר קאָל נאָכ פונ ווײַטנ): וואָס האָט עצ אײַכ דאָ ווידער אנידערגעשטעלט שמועסנ, אוי וויי, מײַנע קויכעס! טויזנט מאָל מוז איכ מיר דאָס הארצ ארויסשרײַענ, איידער זיי פאָלגנ איינ מאָל! נו, גייסט שוינ, פירטס זיי שוינ אינ קרימינאל ארײַנ, די גאנאָווימ! אונ איר, מײַנ ליבער ר׳ יויכענענ, באמיט אײַכ נישט אומזיסט אונ בעט נישט פאר זיי, וואָרנ איר וועט נישט פויעלנ בא מיר.

**ר׳ שמעלקע** (לויפט סערקעלענ אקעגנ): מיט ליב אײַכ אײַער גאסט, סערקעלע! אײַער ברודער ר׳ דאָוויד איז זיכ געקומענ! (ער ווײַזט איר דעמ פרעמדנ).

**סערקעלע** (לויפט צו צו ר׳ דאָווידנ אונ וויל אימ מיט ביידע הענט ארומנעמענ): אוי וויי מיר! געהארגעט בינ איכ געוואָרנ — מײַנ דאָוויד־לעבנ! אוי, אינ דער ערד בינ איכ! מײַנ הארציקער ברודער! אוי וויי! דו לעבסט?!

**פרעמדער** (גיט סערקעלענ א שטויס אוועק פונ זיכ): אוועק, דו בעסטיע! אוועק פונ מיר — דו ביסט נישט מײַנ שוועסטער.

**לאמפערטעס** (שרײַענ): א טשי! א בע! א טשי! א בע!

**סערקעלע** (שטייט מיט דעמ קאָפ אונ מיט די הענט אראָפגעלאָזט אונ וויינט).

**אלטע** (בלײַבנ א פאָר מינוטנ גאָר שטיל).

**פרעמדער**: דו וויינסט? יאָ, צומ וויינענ, צומ שרײַענ, צו דעמ ביסטו א גרויסע בעריע, דאָס איז בא דיר א קלייניקײַט, אָבער ערלעכ האנדלענ — דאָס איז בא דיר



א שווערע זאכ. קעגנ מײַנ קינד, קעגנ מײַנ איינציק אומשולדיק קינד, קעגנ דײַנ איינציקער ברידערנטאָכטער אזוי צו האנדלענ?! — זאָג אליינ, דו בייזע שלאנג, — האנדלט א מענטש, וואָס האָט נאָר עפעס א געוויסנ, קעגנ דעמ אנדערנ אזוי? — קוק דיכ נאָר אָנ, ווי דו שטייסט אצינד, — האָסטו דאָס געדארפט? דו, האָב איכ געמיינט, וועסט מײַנ קינד דערציִענ, דו וועסט מײַנ קינד לערנענ, דו וועסט מײַנ קינד טרייסטנ, דו וועסט מײַנ קינד פאר אלעמ אומגליק באשיצנ; אונ איכ האָב שוינ א האלבע טרייסט אינ דער פרעמד געהאט, אז איכ פלעג מיכ צו דערמאנענ, אז מײַנ אייגענע שוועסטער גיט אפ מײַנ איינציק קינד אכטונג. וואָס פאר א טײַנע פלעג איכ דאָס צו האָבנ, אז איכ פלעג מיכ פאָר צושטעלנ די מינוט, וואָס איכ וועל שוינ אהיימקומענ, ווי דו וועסט מיר מײַנ הינדע־לעבנ אקעגנברענגענ געזונט אונ פריש, ערלעכ אונ געלערנט! יאָ, איכ פלעג מיכ אָפט אינ געדאנקענ אזוי צו פארגעסנ, אז איכ פלעג פלוצלינג ביידע הענט ארויסצושטרעקנ אינ די געדאנקענ דיכ ארומצונעמענ אונ צו קושנ אונ צו האלדזנ. ניינ, ניינ, דאָס האָב איכ מיר נישט פאָרגעשטעלט, דאָס איז מיר נישט אפ די געדאנקענ געקומענ — דו זאָלסט פלוצלינג מײַנ קינד אזוי מיִעס באהאנדלענ! דײַנ אייגענער ברידערנטאָכטער זעלכע כארפעס אונ בושעס אָנטונ! צו מאכנ פאר א גאנעוו, צו לאָזנ בינדנ מיט שטריק אונ צו לאָזנ פירנ אינ קרימינאל ארײַנ! ניינ, ניינ, דאָס האָט זיכ מיר נישט געכאָלעמט. נאָכ דערצו, ווי איכ האָב געהערט, האָט דיכ גאָט, באָרעכ הו, אויכ נישט פארלאָזט: דער אייבערשטער האָט דיכ געבענטשט, דו ביסט אויכ געוואָרנ א גרויסע אשירעס, דו האָסט נישט געדארפט קיינ סאכ פונ מײַנ פארמעגנ צו רירנ, גאָט האָט דיר באזונדער אסאכ געלט באשערט, — נו, מוז מענ פונדעסטוועגנ בא זיכ שוינ אזוי גרויס אונ קעגנ אנדערע אזוי שלעכט ווערנ?

**ר׳ מוישע** (פאלט אימ אינ די רייד ארײַנ): וואָס זאָגסטו, שוואָגער־לעבנ! גאָט האָט איר באשערט? גאָט האָט זי געבענטשט? פאר וואָס? עפשער פאר איר גוטסקײַט? עפשער פאר איר פרומקײַט? ניינ, גאָט, באָרעכ הו אובאָרעכ שמוי, באלוינט נאָר דעמ גוטנ, דעמ ערלעכנ, דעמ פרומענ, — אָבער זי? איר? פאר וואָס? פאר וועמ? אוי, הארציקער דאָוויד־לעב! דו ווייסט נעבעכ נאָכ גאָרנישט, ווי זי האָט מיכ אונ זיכ אונ דיכ אונ אונדז אלע באגראָבנ! אוי! מיר וועל׳מיר פאר דיר, פאר גאָט אונ פאר לײַט קיינ פארענטפער נישט האָבנ.

**ר׳ גאווריִעל** (צו זיכ אינ דער שטיל): אצינד איז צײַט, אצינד מוז אלצ ארויסקומענ, האָב איכ מיכ אינ דער ערד ארײַנגעלייגט, לאָמיכ זשע זי אויכ שוינ איניינווענס באגראָבנ! (צו דעמ פרעמדנ) זײַט־זשע הונדערט מאָל מויכל, מײַנ ליבער ר׳ דאָוויד־לעבנ, אונ זוכט נאָר אינ דעמ קעסטעלע, וועט איר דרינענ נאָכ עפעס טײַ׳רערס ווי צירונג געפינענ, איר וועט אוואדע א גרויסע האנאָע האָבנ, איר וועט שוינ אצינד אלצ געוואויר ווערנ.

**פרעמדער** (עפנט דאָס קעסטל אונ זוכט): עס איז נישטאָ מער גאָרנישט, נאָר צירונג.

**ר׳ גאווריִעל**: זוכט נאָר גוט, זוכט, עס ליגט דאָרט גאָר אונטנ א פאפיר אויכ.

**פרעמדער**: א פאפיר? (ער זוכט אינ דעמ קעסטל) יאָ, עס איז דאָ, וואָס איז דאָס פאר א פאפיר ווידער?

ר׳ גאוורי׳על: לייענט נאָר, זייט מויכל, איבער, איר וועט שוין געוויר ווערן.

פרעמדער (נעמט ארויס אויס דעם קעסטל א צונעלייגט פאפיר, עפנט עס און לייענט עס פאר זיך אין דער שטיל, דערנאָך גיט ער א געשריי): גאָט! אלמעכטיקער אים הימעל! זאָ ווייט קאָן זיך דיין עבענבילד, דיין געשעפּס פעראירען! אָ! דאס איזט וואס אויסעראָרדענטליכעס! — א פאלשע צוואָע!

ר׳ גאוורי׳על: יאָ, יאָ, נעכטן איז ערשט געווען אייער יאָרצייט, מיין ליבער ר׳ דאָוויד־לעבן!

סערקעלע (גיט זיך פלוצלינג א וואָרפ אנידער פאר דעם פרעמדן אפ דער ערד): אוי! טו מיט מיר שוין, וואָס דו ווילסט, איך בין דאָך אינגאנצן בא דיר אין דער האנט! (זי וויינט שטארק).

ר׳ מוישע (מיט גרויסער סימכע): אָט א דאָס איז גוט, אזוי קער צו זיין, זעסטו, סערקע — פון דעם האָב איך טיינעג!

פרעמדער (כאפט הינדען ארום און קושט זי): דיך, מיין איינציק קינד, האָב איך מאָוער נאכלע געווען? דיך, מיין לעבן, דיך, מיין נעשאָמע! (צו סערקעלען) פע! שעם דיך! דו קענסט מיר נאָך קוקן אין די אויגן ארייַן? עס איז מיר שוין גאָר קיין כידעש נישט, וואָס פרעמדע האָבן מיר אמאָל שלעכטס געטון, אז דו, מיין אייגענע שוועסטער, האָסט קעגן מיר אזוי געהאנדלט! (צו הינדען) אוי, איך פארשטיי שוין איצט, וואָס דו האָסט נעבעך דאָ געמוזט לייַדן.

הינדע (קושט דעם פרעמדן): ניין, ניין, טאטעניו! נישט אזוי אסאך, ווי דו מיינסט; איך האָב געליטן — דאָס איז עמעס — איך האָב אָבער נישט אליין געליטן. (זי נעמט אָן רעדלעכן בא דער האנט און פירט אים צו דעם פרעמדן) דיזער דא וואר דער געפעהרטע [1]) מיינע ליידען; דיזער דא וואר מיין טיילנעהמער, מיין ערציהער, מיין לעהרער, מיינע שטיצע אין דער נאָט.

פרעמדער (נעמט רעדלעכן ארום און קושט אים): איך דאנקע איהנען, מיין טייַערער! איך דאנקע איהנען, בעלאָהנע זי גאָט מיט מעהרערס, איך קאן איהרע עדלע האנדלונג נור מיט דיזעם, וועלכעס מיר אם טייַערסטען איזט, בעלאָהנען (ער נעמט אָן רעדלעכן מיט הינדען און לייגט זיין האנט אין אירער אריין, נעמט זיי ביידע צוזאמען ארום און קושט זיי) זוכעט אייך אימער גאָטעס גונסט צו ערווערבען, אונד ער, דער אלגיטיגע, ווירד אייך ניפערלאסען! (ער לייגט זיינע ביידע הענט אפ זייערע קעפּ ארופ און בענטשט זיי) לעבעט גליקליך, מיינע קינדער!

הינדע און רעדלעך (נעמען ביידע ארום דעם פרעמדן און קושן אים).

ר׳ יויכענען (גיט דעם פרעמדן די האנט): שאָלעם־אלייכעם, ר׳ דאָוויד! געלויבט צו גאָט, מע זעט זיך געזונטערהייט! כלעבן, זייער א גלייכער שידעך, איך האָב דעם שידעך נאָך אין זינ געהאט, ווען מע האָט זיי מיט די שטריק צונאנדגעבונדן, נאָר, קומט מיין שמוע אפיר, „קאָל אוירעוו לעמינוי״ שטייט בא אונדז אין דער הייליקער טוירע אָנגעשריבן; איר, מיין ליבער ר׳ דאָוויד־לעבן, טוט איצט א שידעך אפ דייַטשערישער מאָדע, ווייסט איר אָבער מיט וועמען איר טוט?

[1]) כאוהער. — רעד.



זוער אייַערע מעכוטאָנים זענען געווען? דאָס מוסט איר נאָר מיך, ר׳ יויכענען שאדכענ פרעגן. איך קען דאָס דייַטשעלע, ווי איר קוקט עס אָן, פון פיטשעלעווייַז אוף; איך האָב געקענט זיין קאָשערן טאטן, אָלעוו האשאָלעם, און זיין מוטער די צנוע אויך, ער איז דאָך דאָס טאקע ר׳ זאלמען רעדלעכס זון פון פראָג, טאקע דער גרויסער פייַנע בעריע, — אלקיינ זאָג איך אייַך פרי׳ר, אז מיר קומט אסאך, אסאך שאדכאָנעס.

פרעמדער: נו, נו, עס וועט שוין רעכט זיין.

הינדע (נעמט אָן דעם פאָטער בא דער האנט און בעט אים): טאטעניו! נאָך איינס האָב איך דיך צו בעטן.

פרעמדער: זאָג, מיין לעבן, וואָס ווילסטו? אלץ, אלץ, וואָס דו פארלאנגסט נאָר, וועל איך דיר טון — זאָג מיר נאָר, זאָג, וואָס ווילסטו?

הינדע (גיט אים א קוש אין דער האנט אריין): הארציקער טאטע־לעבן! זיי דער מוחל, זי וועט שוין בעסער ווערן, איך בעט דיך, גילדענער טאטע! זיי איר מויכל.

פרעמדער: וועמען — סערקען? — מויכל זיין? ניין, ניין, זי פארדינט עס נישט — ניין, איך וויל זי ניט קענען. (ער איז זיך אביסל מעיאשעוו) נאָר איך מוז עס דיר, מיין קינד, צוליב טון — נא, עס איז פארפאלן, איך האָב דיר צוגעזאָגט. נא! דיר צוליב, מיין קינד! קום אהער, סערקע!

סערקעלע (איז ביז אהער געלעגן אפ דער ערד, איצט כאפט זי זיך אוף און לויפט צו צום פרעמדן מיט ביידע הענט אויסגעשטרעקט און מיט זייער א גרויס געוויין): ברודער־לעבן! דערמאן זיך, מיר קום׳מיר דאָך ארויס פון איין טאטע־מאמע, דערבארעם דיך איבער מיר, איבער מיין מוישען, איבער מיין איינציק קינד! מיר האָ׳מיר זיך דאָך נישט צו קיינעם צו קערן און צו ווענדן, מיר האָ׳מיר זיך דאָך צו קיינעם קיין שום האָפענונג נישט, נאָר צו דיר, גוטער ברודער־לעבן! (זי וויינט שטארק) אוי וויי מיר! מיר וועלמיר דאָך אלע שטארבן פאר הונ׳ער, אז דו וועסט איבער אונדז אָרעמעלייט קיין ראכמאָנעס נישט האָבן!

פרעמדער: נו, וואָס קען מען טון, א ברייַרע האָב איך? דו ביסט דאָך א שוועסטער — קום אהער, איך בין דיר מויכל, נאָר ווער שוין אביסל בעסער, עס איז שוין, כלעבן, צייט: ביסט שוין אפ דער עלטער, ביסט שוין אלט עטלעכע פערציק יאָר. איך העט דיר נישט געדארפט מויכל צו זיין, נאָר וואָס קען איך טון — א שלעכטע שוועסטער איז פאָרט א שוועסטער. און האָב קיין מוירע נישט, וועסט ניט שטארבן פאר הונגער — גאָט, באָרעך הו, האָט מיר גענוג געגעבן, און איך פארהאָפ, אז ער וועט מיך ווייַטער נישט פארלאָזן.

ר׳ גאוורי׳על: א כידעש, כ׳לעבן! פון נעכטן אָן איז זי מיט צען טויזנט קערבלעך אָרעמער און מיט צוואנציק יאָר רייַכער געוואָרן.

ר׳ שמעלקע: אָט דאָש איז סיין, כלעבן! איך העט זיך געלאָזט פון איר פארסעס רייַסן, פון דעם צוקערדיקן סוועסטערל! (ער גייט צו צו סערקעלען) סערקעלע! וועט איר זיך האָבן עפּעש סיין מעל אפ סאבעס?

אלטעלע (איז ביז אהער געשטאנען און געוויינט גאָר שטיל, איצט גייט זי צו צו דעם פרעמדן און עבּעסט מיט גרויס כיין): אייטלער הער אָנקעל! איך געבע איהנען מיינען ליבסטען

דאנק פאָר אלעם, וואס זי האבענ די עהרע געהאבט אנ מײַנער צערטליכענ מוטער צו פעריכטענ, אונד איהר הערצליכעס הערצ, פאר וועלכעמ איכ גראָס אבשײַ האבע, אונד איהרע גוטע גיטע לאסענ מיכ ניכט רוהענ, זי צו בעטענ, דאס זי מײַנעמ ברײַטיגאמ, מײַנעמ געליבטענ גאברִיעלע הענדלער, די פאָגעלפרײַהײַט שענקענ מעכטענ. (זי קושט אימ די האנט).

פרעמדער (לאכט זײער אונ פרעגט רעדלעכנ): איכ פארשטעהע קײנ וואָרט — ווער איז דענ דיזעס מעדכענ? אונד וואס וויל זי?

רעדלעכ: זי איז די טאָכטער איהרער שוועסטער אונד די פערשפראָכענע ברויט דעס ר׳ גאווריִעל הענדלער. (ער ווײַזט אפ ר׳ גאווריִעלנ).

פרעמדער: זאָ, נונ קאָמ אהער, מײַנ קינד! זאָג, וואָס ווילסטו? פארוואָס רעדסטו נישט ליבער יִדיש? וואָס שעמסטו דיכ יִדיש צו רעדנ? זאָג, וואָס ווילסטו?

אלטעלע (שווײַגט גאָר שטיל, שעמט זיכ אונ פארהאלט זיכ דאָס פּאָנעמ מיט א פארטשײלע).

הינדע: איכ וועל דיר זאָגנ, טאטעניו: זי האָט געזאָלט א קאלע ווערנ מיט ר׳ גאווריִעל הענדלער, בעט זי איצט, אז דו זאָלסט אימ פרײַ לאָזנ.

פרעמדער: נײנ, מײַנ לעבנ, דאָס וועסטו נישט פּויעלנ בא מיר, איכ בינ דײַנ פעטער אונ מוז דיכ בעסער זענ צו פארזאָרגנ, ווי דײַנ מאמע האָט געוואָלט נײנ. איכ קענ אימ נישט פרײַ לאָזנ, ער וועט שוינ ערגעצ אנדערשט זײַנ פּסק האָבנ, אזויווי ער האָט פארדינט. (צו די שאמאָסימ) לעבט נאָכ מײַנ אלטער גוטער פרײַנט, דער פּאָליצײ־רעוויזאָר רעכטזאמער?

שאמאָסימ: יאָ, ער לעבט, ער זאָל לעבנ הונדערט אונ צוואנציק יאָר, דער גוטער מענטש.

פרעמדער: נו, פירטס אימ נאָר אהינ צו אימ, דער רעכטשאפענע [1]) מאנ ווירד שאָנ ויסענ, וואָס מיט אימ צו טונ.

שאמאָסימ: גוט, גוט, מיר וועל׳מיר אימ שוינ אהינ פירנ. (ווי זײ ווילנ אימ אוועקפירנ, קומט זײ יעראכמיִעל זײער פארסאָפּעט אקעגנ צו לויפנ).

## אכטער ארײַנקומ

יערחמיִעל, די פריִעריקע פּארשוינענ

יעראכמיִעל (לויפט צו צו ר׳ גאווריִעלנ): בא־בא־בא־באלע־באָס! רוימט אײַכ אופ, נאָ־אָר געשווינד — ר׳ שמועל טא־טא־טא־טאנדעטניק איז געקומענ מיט פּאָ־אָ־אָליצײניקעס אונ האָ־אָט שוינ אײַערע זא־א־אכנ אוועקגענומענ, איצט זוכנ זײ א־א־אײַכ, זײ ווילנ דאפקע א־א־אײַכ טאָפּעס א־א־ײַנזעצנ.

ר׳ שמעלקע: גײ זאָג זיכ ר׳ סמועלנ, אז אונדז האָ׳מיר זיכ אימ פארספאָרט א וועג, מע פירט אימ סוינ, דעמ גאנעוו, אינ די פּאָליצײ ארײַנ.

יעראכמיִעל: וואָס, מע־מע־מע־מע פירט אימ שוינ אינ די פּאָ־אָ־אָליצײ א־ארײַנ? ווו איז זשע מײַ־ײַנ סכירעס פא־אר א גאנצ יאָר, וואָס איכ ה־אָ־אָ־אָב בא אימ קריִע געשניטנ? אי־יכ וועל דאָכ שרײַ־ײַענ: גוואלד, בא־בא־באצאָלט מיר מײַ־ײַב סכירעס!

---

[1]) ערלעכער. — ר ע ד.



ר׳ גאווריִעל: וואָס שרײַסטו אזוי? דײַנ יאָר איז דאָכ אָנדאָס נאָכ נישט אויסגעגאנגענ, עס פעלנ דאָכ דיר נאָכ זעקס טאָג צומ יאָר. ווײסטו וואָס: קומ, כלעבנ, מיט אינ מײַנ נײַער דירע ארײַנ.

יעראכמיִעל: ליגט איר אי־אי־אינ דער ערד מיט אײַערע סכירעס, אזויווי א־א־אײַערע דירעס! (ער נעמט ארויס אויס דער קעשענע א זײגערל אונ ווײַזט עס ר׳ גאווריִעלנ). זעט איר, אי־אי־איר גאנעוו! דאָ־אָס זײגערל גײט גאָ־אָר אלײנ, אונ א־אײַכ פירט מענ!

ר׳ גאווריִעל (צו די שאמאָסימ): נעמטס אימ אוועק דאָס זײגערל, עס איז מײַנ!

ר׳ שמעלקע (צו גאווריִעלנ): דו גאנעוו! א רועכ אינ דײַנ טאטע ארײַנ! איכ וועל זיכ פאר אימ אָנעמענ — באצאָל דו אימ זײַנ סכירעס, אז ניט וועט ער דיר, אָסער כאזער, ניט אָפּגעבנ די זײגער; איכ קענ זיכ אימ, ער איז זיכ געווענ א מעסאָרעס בא מיר פינפ יאָר, ער איז זיכ טאקע אנ ערלעכער יונג, אונ דו ביסט א גאנעוו, א גאזלענ, א רויצײעכ — נעמטס אימ, סלעפּטס אימ אינ די כײדער!

לאמפּערטעס (שרײַענ): א טשי! א בע! א טשי! א בע!

שאמאָסימ (נעמענ ר׳ גאווריִעלנ אונ בינדנ אימ מיט דעמ שטריק): איצט קומ, ברודער, אינ כײדער ארײַנ.

ר׳ יויכענענ (כאפּט אָנ ר׳ גאווריִעלנ בא דער האנט): פונדעסטוועגנ, קומט מײַנ שמוע אפיר, קער נישט אײנס צומ אנדערנ — מיר קומט נאָכ סכאר טירכע בא אײַכ פונ דעמ שידעכ, איכ האָב פײַנט צו שענקענ, אוביפראט א גאנעוו.

ר׳ גאווריִעל (גיט ר׳ יויכענענ א וואָרפ אוועק פונ זיכ): דאָ האָט איר שאדכאָנעס!

לאמפּערטעס (שרײַענ אונ לאכנ): א טשי! א בע! הא־הא־הא! א טשי! א בע!

יעראכמיִעל: מע זעט אָנ אָ־אָ־אָנ די אונטערפירעו״ס, וואָס דער כאָ־כאָ־כאָ־כאָסנ מוז זײַנ!

שאמאָסימ (פירנ ר׳ גאווריִעלנ אוועק, עטלעכע לאמפּערטעס לויפנ נאָכ אונ שרײַענ): א טשי! א בע!

## לעצטער ארײַנקומ

פריִעריקע פּארשוינענ, אָנ ר׳ גאווריִעלנ אונ אָנ די שאמאָסימ

פרעמדער: נו, אײנעמ האָ׳מיר שוינ פארזאָרגט, איצט לאָמיר גײנ ווײַטער; אונ איר, ר׳ שמעלקע, געדענקט איר נאָכ, וואָס איר האָט מיר דאָ פרי׳ר דערצײלט פונ מײַנ שוועסטער סערקענ מיט ר׳ שמערל שאדכענ?

ר׳ שמעלקע: ווײש איכ, עפּעש געדענק איכ זיכ יאָ אונ עפּעש ניסט.

פרעמדער (נעמט אָנ אלטעלענ בא דער האנט אונ פירט זי צו ר׳ שמעלקענ): שטײט אײַכ עפּעס אָנ צו נעמענ מײַנ שוועסטערנטאָכטער פאר א קאלע?

ר׳ שמעלקע: ווײש איכ, סערקעלע די מעל־יִדענע זאָגט זיכ, אז זי וועט מיר ניסט אָנסטײנ, אונ פארוואָש? ווײַל זי איז זיכ איר באסיעכידעלע אונ קענ זיכ ניסט מעשטנ די האָבער אונ קענ זיכ ניסט סמועשנ די סלעכטע, צאָרעדיקע ליטווישע לאָשנ, — עפּסער איז זי גערעכט, ווײש איכ?

פרעמדער: נו, נו, הערט שוינ אופ בײז צו זײַנ; איכ בינ אײַכ אָרעוו, אז אינ א האלב יאָר ארומ וועט זי שוינ מיט אײַכ רײדנ ליטוויש אונ וועט אײַכ אלצ פאָלגנ, וואָס איר וועט נאָר הײסנ. (צו אלטעלענ) נישט וואָר, מײַנ קינד?

אלטעלע (מיט גרויס כיין): יא (זי כאַפּט זיך צוריק אין די רייד) ניין... נישט יא, יאָ וויל איך זאָגן.

פרעמדער (לאַכט און נעמט אָן ר׳ שמעלקען בײַ דער האַנט): נו, ר׳ שמעלקע, שלאָגט צו! זעט איר, זי הייבט שוין אָן ייִדיש צו ריידן, און ווי איך זע אײַן, וועט איר מיר נאָך אַמאָל דאַנקען — אײַער אײַנפאָרהויז באַדאַרף אַזוי אַ באַלעבאָסטע. שלאָגט צו.

ר׳ שמעלקע (קראַצט זיך אין קאָפּ): יאָ, — אַלץ עמעס — נאָר — דאָש — איר פאַרגעשט זיך אָבער גאָר — איך מיין — איר פאַרשטייט זיך סוין — דערמאַנטס זיך נאָר — פאַרשטייט איר — איך מיין — נאָר דאָש — די איקער...

פרעמדער: שלאָגט נאָר צו, איך זאָג אײַך, אַז איך וועל שוין זען, זי זאָל נישט געראָטן נאָך דער מוטער.

ר׳ שמעלקע: יאָ, מײַן ליבער ר׳ סלאָם — ר׳ דאָוויד, וויל איך זאָגן, איך מיין זיך אָבער, די איקער — פאַרשטייט איר זיך?

ר׳ יויכענען: קומט מײַן שמוע אפיר, איטלעכער מאַסע־אומאַטן באַדאַרף אַ מעקלער, און איטלעכער שידעך אַ שאַדכן! איך זאָג אײַך, מײַן ליבער ר׳ דאָוויד, אַז כוץ דעם, וואָס איר טוט דאָ אָן דעם ר׳ שמעלקען זייער אַ גוטן געלט־שידעך, איז ער דאָך נאָך דערצו זייער אַ גרויסער יאַכסן אויך, קומט מײַן שמוע אפיר, דעם עמעס מעג מען דאָך זאָגן איטלעכן אין די אויגן אַרײַן; איך זאָג אײַך, אַז דער ר׳ שמעלקע איז אַ שאַלשעלעס־האַיויכסן, און זײַנע דוירע־דוירעס זענען געווען גרויסע מופלאָגים און ראַבאָנים, טאַקע גאָר קאָדשע־קאָדאָשים. אַז איר וועט אײַך נאָר אַמאָל אַליין מיט אים צעשמועסן, וועט ער אײַך אַליין בעסער אויסרעכענען זײַן ייִכעס־בריוו. — מיילע, וואָס קומט דאָ דערפון אַרויס? דער ר׳ שמעלקע איז דאָך זייער גערעכט, וואָס האָט דאָס איצט סערקעלעס טאָכטער איר אייגנס?

ר׳ שמעלקע: יאָ טאַקע, יאָ, אָט־אַ־דאָס מיין איך אויך, אַזוי, מײַן ליבער ר׳ סמער — ר׳ יויכענען, וויל איך זאָגן, האָב איך זיך אײַך טאַקע ליב, אַז איר סטוישטס אײַך, וואָש איך מיין; וויפל איז זיך איצט די סילעק, און ווער איז זיך די מע־סאַלעק?

פרעמדער: אַזוי? דאָס מיינט איר דאָס דעם איקער. (ער נעמט דאָס קעסטעלע צירונג און גיט עס ר׳ שמעלקען) לאָזט אײַך דאָס שאַצן, און וויפל מע וועט אײַך זאָגן, עס איז ווערט, וועל איך זײַן דער מעסאַלעק.

ר׳ שמעלקע (עפנט דאָס קעסטעלע און קוקט אַרײַן דרינען): אוי וויי! אַ סיינע פּויטעקע! (ער איז מאָלע סימכע און נעמט בײַ דעם פרעמדן די האַנט און שלאָגט מיט אים צו) מאַזל און בראָכע! אַזוי זעט איר, מײַן ליבער ר׳ דאָווידל, איז זיך גאָר עפּעש אַנדערסט! יאָ, סוין גוט. (ער נעמט אָן אַלטעלען בײַ דער האַנט) זײַ־זשע סוין קיין נאַר ניסט און סעם דיך ניסט מיט די ליטווישע ספּראָך, זײַ זיך אַ גוטע באַלעבאָסטע, — האָב גאָר קיין מוירע ניסט, דו וועסט זיך בײַ מיר ניסט באַדאַרפן אַליין צומעסטן די האָבער, איך האַלט זיך מעסאָרסים געגנוג און נאָך.

ר׳ יויכענען: נו, האָב איך ווידער לעמאַזל אַ שידעך אויסגעפירט, — קומט מײַן שמוע אפיר, וואָס עס איז מין האַשאָמאַיִם, איז טאַקע מין האַשאָמאַיִם (ער שרײַט) מאַזלטאָוו!



לאַמפּערטעס (שרײַען): מאַזלטאָוו! מאַזלטאָוו!

סערקעלע (פאַלט ר׳ דאָווידן אַרום דעם האַלדז, וויינט און קושט אים): גילדענער, האַר־ציקער ברודער־לעבן! איך בין גאָרנישט ווערט אַזויפיל, וואָס דו טוסט אַלץ אָן מיר און אָן מײַן קינד — גאָט זאָל דיר דאָס באַלוינען.

פרעמדער: גאָט האָט מיר שוין באַלוינט טויזנט מאָל אַזויפיל, איך טו דאָ גאָר קיין איבעריקס נישט, איך טו נאָר, וואָס איך בין מעכויעוו צו טון; זעסטו, ווי שיין עס איז גוטס צו טון? פיר דו דיך פון איצט אָן אויך גוט אויף, וועל איך אָן אַלעם פאַרגעסן, וואָס דו האָסט געטון און וועל דיר אַזוי לאַנג, ווי גאָט, באָרעך הו, וועט מיר נאָר געבן, אויך גוטס טון.

כאַוועַ: אָבער אָן מיר, באַלעבאָס־לעבן, האָט איר יאָ גאָר, גאָר פאַרגעסן, איר געדענקט שוין גאָרנישט אײַער דינסטמויד כאַווע? איר געדענקט שוין גאָרנישט די גוטע פלעדלעך, וואָס איך פלעג אײַך צו באַקן?

פרעמדער: אהא! כאַוועַ! וואָס מאַכסטו גוטס? בײַ וועמען ביסטו אַצינד?

הינדע: זי האָט מיך ביז איצט נאָך נישט אָפּגעטרעטן; זי האָט, פּראַוודע, נעבן מיר אויך קיין האָניק נישט געלעקט, אָבער מיך האָט זי נישט פאַרלאָזט, זי איז אַצינד בײַ דער מומען.

פרעמדער (צו כאַוועַן): נו, זוך דיר ערגעץ אויס אַ פײַנעם כאָסן, וועסטו זען, אַז דו וועסט נישט האָבן אומזיסט געליטן. דעם נאַדן האָסטו בײַ מיר.

כאַווע (נעמט אָן כאַיִמען בײַ דער האַנט און פירט אים אַהין צו ר׳ דאָווידן): איך וועל שוין, באַלעבאָס־לעבן, אַזוי פרעגן, ווי איר האָט ר׳ שמעלקען געפרעגט — וועט מיר כאַיִם אָנשטיין פאַר אַ כאָסן? ער איז אַן ערלעכער יונג און גאָרנישט פויל צו דער אַרבעט.

פרעמדער: יאָ, האָסטו נאָר שוין אים געפרעגט, אויב דו וועסט אים אָנשטיין פאַר אַ קאַלע?

כאַיִם: אוי! אוי! וועט זי מיר דאָס אָנשטיין! נאָר דאָס איינע מוז זי מיר צוזאָגן — אַז זי זאָל שוין מער קיינמאָל נישט פאָרן אין וואַרעמבאָד אַרײַן.

ר׳ יויכענען (צו כאַיִמען מיט כאַוועַן): זעט עץ, מײַנע קינדער, דאָס איז אַ גלײַכער שידעך, קומט מײַן שמוע אפיר, — איטלעכעס טעפּעלע געפינט זײַן שטער־צעלע. נאָר מיר קומט שאַדכאָנעס, וואָרן איך זאָג אײַך בעהען שעלי, אַז נאָך פאַר אַ וואָך דרײַ איז מיר דער שידעך אײַנגעפאַלן.

פרעמדער: נו, נו, איך וועל אײַך שוין פאַר אַלעם באַפרידיקן. אַצינד קומטס, קינדער! לאָמיר גיין אַרײַן צו ר׳ שמעלקען, און הײַנט באַנאַכט וועלן זײַן אַלע דרײַ טנאָיִם.

ר׳ מוישע (איז ביז אַהער געזעסן שטיל פאַרטראַכט, איצט גייט ער צו ר׳ דאָווידן און זאָגט גאַנץ רויִק): נו, דאָוויד־לעבן, דו האָסט שוין אַלץ רעכט געמאַכט, מאַכ־זשע מיט מיר אויך אַן עק און באַשטראָף מיך שוין אַזוי ווי איך האָב פאַרדינט; וואָס דו ווילסט, טו מיט מיר, הייס מיך אויך אײַנפירן...

פרעמדער (פאַלט אים אין די רייד אַרײַן): קום, איך וועל דיך שוין אַליין אײַנ־פירן! (ער נעמט אַרום ר׳ מוישען און קושט אים) קום, קום, מוישע! קום צו מיר אין הויז אַרײַן, דאָרט וועסטו, שוואָגער־לעבן, האָבן נאַכעס און פרייד.

ר׳ מוישע (פאלט דעם פרעמדן ארום דעם האלדז, וויינט זייער שטארק און קושט אים; ער וויל עטלעכע מאָל אָנהייבן צו רעדן און ווײַזט מיט דער האנט, אז ער קען נישט ארויסרעדן).

פרעמדער (ווישט זיך אויס די אויגן און קושט ר׳ מוישען): איך פארשטיי דיך שוין, שוואָגער־לעבן! קום נאָר, קום. קומטס, קינדערלעך, קומטס. עס וועט שוין מיט גאָטס הילף אלץ רעכט זיין.

ר׳ יויכענען (שרײַט): שרײַט־זשע, קינדערלעך: מאזלטאָוו!

לאמפערטעס (שרײַען): מאזלטאָוו! מאזלטאָוו!

יעראכמיעל (שרײַט): מ־מ־מ־מאזלטאָוו!

אלע (גייען פאָרווײַז דורך דער טיר צו ר׳ שמעלקען אין הויז ארײַן. דער פאָרהאנג פאלט אראָפּ).

---

## א וואָרט דערנאָך

זענען דיר מײַנע ווערטער
אפ זייער אסאך ערטער
זייער נישט גוט, זייער שלעכט געוועזן, —
טו איצט א שוועו, זיי נישט מער צו לעזן.

האָט עמעץ אָבער סערקעלע געלייענט
און מיינט, איך האָב זי דערמיט געמיינט,
זאָל זי עס שוין דאָס אנדערע מאָל נישט לייענען,
און איך וועל מיך אָסער נישט זעצן וויינען.

סאָף פון דעם גאנצן טעאטערשטיק